# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-זשורנאל

מינסק

1935

## אינהאלט



2

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערנ

№ 2 ——— עלפטער יאָרגאנג ——— פעווראל 1935

פערעצ מארקיש

## דער קירזשנער און מאכנאָ

נו, איז ארייַנגאנ מאכנאָ אינ א שטאָט —
— אָט איז א שטיב און אפ שטוב איז א שטאָק.

אפ שטאָק איז א פענצטער, א טיר און א שלאָס,—
האָט ער געהייסנ דערלאַנגענ א שאָס.

א שאָס איז א שאָס, און מע פרעגט ניט—פארוואָס, —
בעסער ניט ברענגענ מאכנאָנ אינ פארדראָס.

זיצט דאָרט א קערזשנער אינ אויבערשטנ שטאָק,
כאנדראָזשעט קאשקעטנ, כאנדראָזשעט דער שטאָט.

כאנדראָזשעט באטאָג און כאנדראָזשעט באנאכט
און אפ אנ אומגליק ער ריכט זיך און וואַרט.

נו וועט ער קומענ—שפעטער צי פריר,
— צי דורכ א פענצטער, צי דורכ דער טיר.

וועט ער ארייַנגיינ—א ריס און א בראָכ:
— אָט איז דאָס לעבנ, אומגליק,—וואָס נאָכ?

אָט איז דער האלדז און אָט איז די האק, —
ווי, ס'ארא רעגנ, פאָרסט מיט דער אקס?

קינדער—א גאסט! ווי סארא גאסט, —
ס'איז איצט א כוישעכ אזא אפ דער גאס...

נו א גוט-נאָוונט דיר, אומגליק,— זיצ!
מייַנ נאָמענ איז איצי—קאָפ צי שפיצ?

רו זיכ אביסל, אומגליק אָפ—
האָסט אזא שווערע געשוואָלענע קאָפ.

וועסט זיך ניט וואשנ צו זאלצ און צו ברויט
ט'אילעכ ארויסדרייענ בעסער דעמ קנויט.

דאכט זיך—א בליץ. דאכט זיך א בלאנק, —
ט'אילעך ארויסדרייען, אומגליק, דעם לאָמפּ.

ווען באדארפסטו, אומגליק,—הער נאָר
ווען באדארפסטו בא איצי דעם קערזשנער?

ווען באדארפסטו, אומגליק, און וואָס?
וואָס וועסטו נעמען—דאָס הארץ, צי א מאָס?

ניטאָ אזא מאָס אף דער גאנציקער שטאָט,
אף דער גאנציקער וועלט אזא מאָס איז נישטאָ...

געפעלט זי דיר, אומגליק, עפּעס די שטאָט?
פאראן א צירולניק, א קלויז. און א באָד.

מע שערט זיך. מע גאָלט זיך. אקוראט.
ווער—אום און ווער—גראָד.

גיי שער זיך ארום. גיי גאָל זיך אָפּ.
האָסט אזא שווערע געשוואָלענע קאָפּ.

וואָס אזוי שפּעט עפּעס? אומגליק, זיצ.
מיין נאָמען איז איצי. קאָפּ, צי שפּיצ?

— אומגליק!—א קערזשנער,—גיט איצי א קלאפּ, —
מעסט שטענדיק פריר אָן אף דעם אייגענעם קאָפּ...

אלץ—אף זיין קאָפּ. אלץ אף זיין מאָס,
ווייַ—סארא רעגן, וויי—סארא גאָס...

אף שטאָק איז א פענצטער. א טיר און א שלאָס —
דאכט זיך—מע גייט און מע ריגעוועט:—„לאָז"!

דער פינגערהוט—דאָ איז. דאָס קריידל. די מאָס.
— וואָס?..

א שאָס איז א שאָס. און מע פרעגט ניט—פארוואָס, —
בעסער ניט ברענגען מאכנאָן אין פארדראָס.

האָט איצי די אויגן אין ציטער פארמאכט:
— צי ס'האָט זיך געכאָלעמט, צי ס'האָט זיך געדאכט...

א פונק און א בליצ—ווי א מעסער די שמאָל —
נ'א פינטל מיט אויגן—צי עטלעכע מאָל.

א געלער ז'דער קערזשנער. איז וואָזשע דערפון?
די קאָפּ נאָר א טוק געטאָן, פונקט ווי א הון.

אז אָט איז זײַן טיש, אז אָט איז זײַן נאכט —
און ט׳איז עס שוין דאכט זיך—ניט דאָ געדאכט...

דאכט זיך—דער פינגערוט. טוט מען אים אָן —
— אז אָט איז מען דאָ און אָט איז מען ניטאָ.

זײַן שמייסענע באָרד, ווי אַן עק פון א האָז —
און ס׳טריפט פון זײַן פינגערוט בלוט פון דער נאָז.

דער פינגערוט—דאָ איז. דאָס קרײַדל. די מאָס.
— וואָס?

א שאָס איז א שאָס און מע פרעגט ניט—פארוואָס,
בעסער ניט ברענגען מאכנאָן אין פארדראָס.

דאָס שטיבל דעם קערזשנערס—אין פּאכאר פארהילט,
עס קוקט אינעם פענצטער א בלעכענע שילד.

אפ שילד—איז א יאָלעם. א הוט. א קאשקעט.
עס פעלן אין זיי נאָר סאכאקל—די קעפּ.

א דײַגע—א קאָפּ? א קאָפּ איז פאראן!
שמעלער דער דעניק. ברייטער דער ראנד.

פון איין שטוב—דעם מאן. פון דער צווייטער—דעם מאן.
— אָט איז שוין באַם קערזשנער—מאכנאָס אטאמאן.

א ריס פאר דער טיר. א ריס פארן הוק,
— א יאָלעמל, קערזשנער. ס׳איז איך—זשוק!

האָט זשוק זיך געמאָסטן באַם קערזשנער א הוט,
דער קערזשנער איז גרין און סע גייט פון אים בלוט.

— נאָך איינע, קערזשנער! אָט האָסטו א שמוים.
און נאָכעט א מעסט. און א קוק. און—ארויס.

פערד—אפן דרויסן. פערד—אפן גאס, —
איז פאָטער געוואָרן דער קערזשנער זײַן גאסט.

קלאפט זיך באַם קירזשנער דאָס הארץ אזוי אָפּט.
עס נעמט אים די בעט ניט. עס נעמט אים קיין שלאָף.

א ריס פארן הארץ און א ריס פארן הוק:
— ס׳איז קערזשנער, ס׳איז—איך! אטאמאן זשוק!

„—זשוק?—פרעגט דער קערזשנער און ציטערט אים נאָך—
„— יאָ!—ס׳האָט באפוילן דיר קומען מאכנאָ.

האָט זיך געשטעלט אין דער נאָז אים דאָס בלוט:
— איז גאָט זאָל דיר העלפן... איז זײַ אזוי גוט...

—אָט טײקעפ... די קינדער... א רעגעלע... ווארט...
וואָס דארפ מיך א שטייגער מאכנאָ בא דער נאכט?

— נו גיכ! טו זיך אָן. און פרעג ניט נאר —
א כילעק בא דיר—צי באטאָג צי באנאכט...

האָט קערזשנער א קוק געטאָן טעמפ אפ די ווענט:
— דאָס מאנטל... ווו זײַנען די ארבל?.. די הענט...

געווען דאכט זיך שלייפעלעכ... געווען דאכט זיך קנעפ —
אוש פון גוליאַי־פאָליע ביז צו דעם דניעפ...

א גרינער ז'דער קערזשנער. איז וואָזשע דערפון?
דעם קאָפ נאָר א טוק געטאָן, פונקט ווי א הון.

א פונק און א בליצ—ווי א מעסער די שמאָל —
א פינטל מיט אויגל—אפ עטלעכע מאָל.

נ'מיט קאָפ צו דעם טיש—איז דער קערזשנער ארויס
און זשוק—איז די טויז און די באָרד פון שמויס.

די פיס ווי אפ גריבער זיך האָבן געשארט
נאָר ווער זאָל א ווייג טאָן אינמיטן דער נאכט?

ארײַנגאנ איז קערזשנער אין שטאב ווי אין פלעט —
האָט ער געטראָפן מאכנאָען אין בעט.

שטייט ער און קוקט—ווו ער איז אין דער וועלט —
און ס'גיט פונעם בעט אים מאכנאָ א באפעל:

— זיצ! ווײַלע ארבעטן ארבעטסטו גוט.
איז ניי זשע מיר אופ ביז באגינען א הוט!

— אָט האָסטו דאָ צוויי קאראקולענע סעק
און גרייט זאָל זי זײַן ביז באגינען אין וועג.

רײַסט זיך באם קערזשנער פון אָדערן היצ —
קוקט ער און הערט און האָט מוירע און זיצט.

— און אויב דו פארשפעטיקסט—איז ביזטו—קאפוט!
גיי און פארנעם זיך און ניי מיר די הוט!

— ווארט! נאָכ א מאנטל נעם דיר און—גוט.
איז וואָס עפעס גייט פון דער נאָז בא דיר בלוט?

— ס׳איז גאָרניט. מיסטאמע. ס׳איז גוט. ס׳איז די קאָפּ.
די מאָס... איז איך ווייס ניט... איז נעמט מען אראָפּ?...

האָט איצע געדרייט זיך—אַף הין און צוריק —
ס׳קומט אים ניט אויס צו דער האנט זײַן פאריק.

די האָר—אַפּן שטערן. די אויגן פארדעקט.
ער וואָלט זיי פארשארט. און ס׳וואָלט אים געקלעקט...

סאָפּעט דער קערזשנער. האָט מוירע און בלאָזט —
— א קלייניקייַט נעמען מאכנאָען א מאָס?..

דעם דעניק—וואָס ברייטער—געווים האָט ער ליב,—
גיט דאָרט בא איצען א ציטער די ליפּ.

קוקט זיך דער קערזשנער איצע ארום:
— ס׳איז אזא שטילקייַט אזוי ווי נ׳א גרוב...

האָט איצע גענומען געהארעט זייַן קאָפּ —
און קוקט אין די זייַטן—די אויגן אראָפּ...

— ווי נעמט מען אראָפּ פון מאכנאָען א מאָס.
סע זאָל גאָר כאָלילע ניט זייַן דאָ קיין טאָעס...

א שאָס איז א שאָס און מען פרעגט ניט—פארוואָס,
— א קלייניקייַט—דעם מאלכאמאָוועס—א מאָס?

און ס׳גיט זיך מאכנאָ פונעם בעט א צעברי:
— וואָס עפּעס פארשפּרעכסטו מיך, קערזשנער—ייִד?

ס׳איז אזוי שטיל. בלויז—טריט—
ציטערט דער קערזשנער:—גאָט באהיט!

א בראָכע איך מאך—וואָס זען איך האָב
די ווערט בא גאָט—א קייסערשן קאָפּ...

און ווער ס׳האָט א מאלכעס צו זען די ווערט,
איז לעבט ער דערנאָכדעם—מיט צען יאָר מער..

— מער אָדער ווייניקער—קערזשנער—אַן עק!
— וואָס קאָכט מען בא דיר הייַנט? איך אייַל זיך אין וועג!

ס׳איז קריידיק דער קערזשנער און ווייַטער—פון וואָס...
האָט איצע גענומען מאכנאָען די מאָס.

אַפּ צריק־וועגס האָט זשוק אים געטאָן א באפעל:
— וואַרענעקעס באַק פון א גאנצן זאַק מעל!

... גוטע ווארענעקעס... גוטע—געווענ!
אָט א זשידאָווקעלע—גאָלדענע הענט.

שטייט אפנ פעלז איצט זשוק אונ דערמאָנט:
— געווענ אמאָל ציַיטנ... מאכנאָס אטאמאנ...

האָט מענ געהוליעט א ציַיטעלע—אוכ —
פונ זאפאָראָזשיע ביז—ווייסט עס דער רועכ!

וואלד איז וואלד. אונ סטעפ איז סטעפ—
אזש פונ גוליאי־פאָליע ביז צו דעמ דניעפ!

אונ באטקאָ מאכנאָ—איז די וועלט א וועלט —
אונ איצטער גיי דרויבע דעמ שטיינ מיט די הענט...

איצט איז צעקלעפט א געוועט אפ דער טיר,
נ׳א שטיינהעקער זשוק איז אפ פעלז „באָגאטיר״

נאָיעט באמ לעבער. ס׳דערמאָנט זיכ אימ נאָכ:
— געווענ ס׳איז א לעבנ באמ פאָטער מאכנאָ!

נו איז אריַינגאנ מאכנאָ אינ א שטאָט —
— אָט איז א שטוב אונ אפ שטוב איז א שטאָק—

אפ שטאָק איז א פענצטער. א טיר אונ א שלאָס —
האָט ער געהייסנ דערלאנגענ א שאָס.

א שאָס איז א שאָס אונ מע פרעגט ניט—פארוואָס—
בעסער ניט ברענגענ מאכנאָנ אינ פארדראָס!

מ. קולבאק

# זעלמעניאַדע

(פונ צווייטנ בוכ „זעלמעניאַנער“)

א וויסנשאפטלעכע אויספאָרשונג וועגנ דער טעכנישער קולטור, קענטעגישנ, מגולעס און אויכ אנדערע זיטנ און געוווינהייטנ פונעם רעבזעהויפ, צוזאמענגעשטעלט און באארבעט לויט די נאָטיצנ פונעם יונגנ וויסנשאפטלעכנ טוער צאלעל כוואָסט, א געבוירטיקנ פונעם זעלביקנ הויפ.

## א ר ײַ נ פ י ר.

דער רעבזעהויפ איז געגרינדעט געוואָרנ אינ 1864 דורכ איינעמ רעב זעלמעלע כוואָסט, א ייד, נידעריקער ווּקס, א מעשטשאנינ, וואָס איז אָנגעקומענ אהער פונ „טיפ ראסיי“. ער האָט פארלייגט דעמ יעסאָד פונ זעלמעניאַנישנ הויפ, באזעצט אלע שטיבער און, לעבנדיק פונ קליינער קוסטארניי, אָפגעזונדערט, האָבנ נאָכדעמ די זעלמעניאַנער אינ א מעשעכ פונ עטלעכע דוירעס געשאפנ אנ אייגענע באציִונג צומ לעבנ.

פאראנ סימאָנימ, וואָס ווייַזנ דייטלעכ, אז די זעלמעניאַנער האָבנ אָפגעקליבנ ניט נאָר ספעציִעלע טעכנישע געצייַג אינ קאמפ פאר זייער עקזיסטענצ, נאָר זיי האָבנ זיכ אויכ צוגעפאסט אנ אייגענע מעדיצינ, אנ אייגענע געאָגראפיע, זאָאָלאָגיע, באָטאניק און אינ א געוויסער מאָס אפילע געענדערט די שפראכ לויט זייערע באדערפענישנ.

לויט אונדזער מיינונג, ווארפט דער אופטו פונ די זעלמעניאַנער א שייַנ אפ דער מענלעכער טעטיקייט ביכלאל, און דעריבער איז אומבאדינגט נייטיק פעסטצושטעלנ די גרענעצנ פונ דער מאטעריעלער און גייַסטיקער ארבעט פונ די דאָזיקע מענטשנ.

## I

## טעכנישע קולטור פונעמ רעבזעהויפ

די טעכנישע געצייַגנ פונעמ רעבזעהויפ זייַנענ:

א האק, א מעסער, א זעג, א הובל, א שטופע, פאסקעס פאר מייַז, א קאָראָמיסל, א רידל, א ניי־מאשינ, א פינגערהוט, שפאקולנ, נאָדלענ, א לאָמפ, א לאָמ, א שפאקטיוו פונ א זייגערמאכער, א ריבייַזנ, צווענגלעכ, קאָטשערעס, זאסלינקעס, סקאָוואָראָדעס און טעפ.

דער באליבטער מעטאל אינעמ רעבזעהויפ איז ק ו פ ע ר.

די דאָזיקע טשיקאווע דערשייַנונג מוז נאָכ אויסגעפאָרשט ווערנ באזונדער. א פאָלעטשקע

סאמע אונטערנ באלקנ מיט געשײַערטע קופערנע טעפ און פענדלעכ איז—א צייכנ פונ גרונטלעכער שעפע.

ליידער, זײַנענ נאָכ דער מילכאָמע די אלע פאָלעטשקעס געבליבנ ליידיק.

---

א טעמפע האק, א טעמפער מעסער, טעמפע טשועקעס.

די טעמפקײַט פונ די געצײַג האָט מיסטאָמע געווירקט אפ דער פסיכאָלאָגיע און צווישנ די זעלמעניאנער קענ מענ טרעפנ—א טעמפנ קוק, א טעמפנ קאָפ, טעמפע אקשאָנעס.

רעבזעלמעלע פלעגט זומער, באם שאריענ אפנ טאָג, ארויסגיינ אינ הויפ אינ הוילע גאטקעס און מיט גאָר די קויכעס טראָגנ מיסט אפ א רידל. אנ אײַזערנער לאָם איז געשטענ בא דעמ פעטער זישענ. דאָס וויכטיקסטע געצײַג פאר דעמ אופהאלט פונעמ רעבזעהויפ איז אָבער סאָפקאָלסאָפ א ריבײַזנ. אדאנק דעמ דאָזיקנ ריבײַזנ זײַנענ אנטשטאנענ די באוווסטע זעלמעניאישע קארטאָפל־טייגעכצנ.

בא כײַעלענ איז דאָ א פרימוס. דער ערשטער, וואָס האָט אײַנגעפירט א פרימוס איז צאלקע דעמ פעטער יודעס און דעריבער האָט מענ לעכאטכילע געהאלטנ א פרימוס פאר א באָכערישע זאכ.

בערע האָט אופגעשלאָגנ א בריוו-קעסטל בא זיכ אפנ טיר.

בא דעמ פעטער פאָליענ איז פאראנ א זילבערנע סאָלניצע, האלט ער זי אָבער פארשלאָסנ בא זיכ אינ קעסטל.

אמאָל איז בא רעב זעלמעלענ געהאנגענ אפ אנ אײַזערנער קייט א גרויסער מעשענער הענג־לײַכטער, ווי אינ א בעסמעדרעש, ער האָט עפשער געוועגט א פוד, נאָר די דײַטשנ האָבנ אימ צוגענומענ.

כײַעלע האָט א ניקלנע בעט.

מע זאָגט, אז בא עמעצנ פונ די זעלמעניאנער איז דאָ אויכ א זילבערנע לעפל, אָבער יעדנפאלס אינ געברויכ זעט מענ זי ניט.

די עלעקטרע האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ רעבזעהויפ אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ.

די אכטער לאָמפנ האָבנ געהאט באלויכטנ מיט א געמיטלעכער שײַנ די טישנ און שטיקלעכ ווענט פונ די שטיבער. אינ אָט דעמ געדיכטנ, קליינעמ פלעק פונ שטוב האָבנ מענטשנ אינ די ווינטערדיקע נעכט גענאָסנ אינ זיכ די פראָסטע גלעזלעכ טיי און געפילט דעמ ווינטער, די נאכט, דעמ גאנג פינ די שווערע זעלמעניאנישע בלוטנ,—איז אָנגעקומענ די קאלטע שײַנ פונ דער עלעקטריע, די טויטע שײַנ, שיר ניט ווי בא א גלי־וואָרעמ, און אָפגענומענ סאָפקאָלסאָפ די האנאָע פונ לעבנ. דער מענטש איז געוואָרנ אדורכגעלויכטנ אפ דורכ און דורכ.

דעמלט זײַנענ עס פאָרגעקומענ די גרויסע קאמפנ ארומ עלעקטריע.

פונדעסטוועגנ האלטנ די זעלמעניאנער ביז אפ הײַנטיקנ טאָג, אז מע באאוולט זיי: עס גייענ ארומ קלאנגענ, אז אינ פאָרשטאָט שיקט מענ אָפ די ערגערע עלעקטריע, אָט דאָס וואָס בלײַבט איבער אפנ דעק פונ קעסל.

פאלקע האָט ארײַנגעפירט ראדיאָ.

נאָכ די אלע מילכאָמעס און טעהומעס זײַנענ אינ רעבזעהויפ אופגעהיט געוואָרנ צוועלפ שווערע קופערנע קענדלעכ.

עסטער, די שרײַבערקע פונ די אפאָרנ, וואָס קענ, דאכט זיכ, קיינ צוויי ניט ציילנ, האָט זיכ אויכ אירע פאָר קופערנע קענדלעכ און א שטויסל.

II

## מעדיצין אין רעבזעהויפ

די וויכטיקסטע טרופע צו קראנקהײַטן איז א הייסע טוכ.

ניט אומזיסט שטעלט מען זיך קאָכן טעפ, ווי נאָר א געפאר אין רעבזעהויפ.

א הייסע טוכ איז צו קאָפּווייטיק, צו צאָנווייטיק, צו בויכווייטיק און צו הארצווייטיק.

ווער פון די זעלמעניאנער איז שוין ניט געלעגן אונטער דער הייסער טוכ? עפשער דער איינציקער פעטער פאַליע, נאָר אים האָט שוין סאָפּקאָלסאָפּ אויך ווי געטאָן א צאָן.

א הייסע פלעשל וואסער—צום בויך, צו רעמאטעס, צו היץ.

אן איידעלע רעפוּע איז ווארעניע.

ווארעניע נעמט מען, ליגנדיק אָנגעשפארט אפ איין האנט, מיט א קליין לעפעלע פון א ספאָדיקל.

ווארעניע איז צו כאלאָשעס, צו א קימפעט, צו הארצווייטיק, צו שרעק.

ווײַסע כאלע—צו א היצ־קרענק, פאר א קימפעטאָרן, פאר א סקראָפּעליטשנע.

כײַעלע דעם פעטער יודעס איז געווען א סקראָפּעליטשנע, נאָר זי האָט לייפּירעך געגעסן זייער ווייניק כאלע.

הון—פאר א קימפעטאָרן.

א פלוים אָדער עטלעכע קארשן גיט מען א קליין קינד, ווען סע ברעכט זיך, עסט ניט און וויל ניט וואקסן.

לעקעך—פאר א כאָלוש, פאר א סעדונ, פאר אן אלטער יידענע צו טונקען אין בראָנפן.

אונגער־ווײַן—פאר א קימפעטאָרן.

א קאנע—א פּראָסטע פושקע מיט א לאנגער גומענער קישקע און מיט א שווארצן קראנדל באם עק. דעם דאָזיקן מאכשיר האָט אײַנגעפירט די מומע העשע, וואָס האָט געליטן, זאָגט מען, אפ אצירעס. די מומע העשע איז בי־כלאל געווען א נאָכגעגעבענע. מיט איר טויט איז אָבער דאָס מאכן קאנעס אויך אָפּגעשטאָרבן אין הויפ.

די זעלמעניאנער נייטיקן זיך ניט אין אזא גרויסער מאשין פאר אזא קליינער קראנקײַט. די פושקע וואלגערט זיך ערגעץ אפ א בוידעם [1])

III

## זעלמעניאנישע געאָגראפיע

ניוראָק. די מומע כײַע־מאטלע מיט איר מאן וווינען שוין דרײַסיק יאָר אין ניוראָק. זי איז אוועקגעפאָרן אין אמעריקע, נאָר זי האָט זיך בעסער באזעצט אין ניוראָק.

וולאדיוואָסטאָק. באם סאמע ברעג פון יאם. די שטאָט, וווּ די שיליועס זײַנען געפאָרן, ליגט נאָך עפשער ווײַטער פון ערעצ יסראָעל אָדער אפילע עשטרײַך.

---

[1]) די מומע גיטע, וואָס האָט אין זיך עפעס פון א קיידער, האָט מיטגעבראכט אין רעבזעהויפ א גאנצ אנדער סיסטעם פון רעפועס. זי היילט מיט שפּינוועבס, מיט האָר פון א קאַצ, מיט האשאָנע א. א. וו. דאָס איז א גאנצער אנדער גײַסט, וואָס האָט צום רעבזעהויפ קיין שום שײַכעס ניט.

דער פעטער פאָליע איז געווענ א געפאנגענער אינ עשטרײַכ. דאָס איז א סאָרט דײַטשנ.

מיידלוויַז איז די מומע גיטע געפאָרנ מיט אירער א טויבלעכער קרוּוע, א רעבעצנ, אינ קעניגסבערג צו א דאָקטער. דאָרטנ האָבנ זיי געזענ דעמ בעסטנ סאָרט דײַטשנ. די דײַטשנ צייכענענ זיכ אויס דערמיט, וואָס זיי ריידנ זייער איידל.

די מומע מאלקעלע דערציילט, אז זײַענדיק א קינד איז זי געווענ אינ ווילנע. זי האָט געזענ אינ א פענצטער א מעשענעמ פאנצער אונ דעמ ווילנער גאָענ. וועגנ דעמ גאָענ האָט זי, פארשטייט זיכ, א טאָעס געהאט, מיסטאָמע איז עס געווענ א קלענערער ראָוו מיט אסאכ שאמאָשימ הינטער זיכ.

כוצ דעמ זײַנענ דאָ אפ דער וועלט—די ווארעמע לענדער אונ די קאלטע לענדער.

אינ די דאָזיקע צוויי סאָרטנ לענדער געפינענ זיכ די העלפאנדנ, אפעלציגנ, לולאָווימ, לייבנ, הירשנ, אונ שווארצע מענטשנ., ליידער, איז עס ניט מער ווי האלבע ווירקלעכקײַט. שיידימ צומ בײַשפּיל, זײַנענ ווירקלעכער פונ יענע שווארצע מענטשנ; ליובעזניק איז ווירקלעכער פונ א העלפאנד.

דאָס באליבסטע לאנד איז „טיפ ראסיי": פונ דאָרטנ שטאמט דער גרינדער פונ דער מישפאָכע—רעבזועלמעלע.

„טיפ ראסיי" איז א געבענטשט לאנד, וו ס'איז שטענדיק זומער. די טווע אפנ פעלד איז ביז איבערנ קאָפּ, דערהויפּט ווייצנס.

פונ דאָרטנ פלעגט מענ אמאָליקע יאָרנ ברענגענ קאָווענעס אפ יאָמימ נויראָימ. אינ „טיפ ראסיי" וווינענ טווע־סאָכרימ אונ גרויסע פּי־הענדלער.

---

אינ רעבזעהויפ זײַנענ פאראנ אינ גרונט דרײַ פעלקער אפ דער וועלט: רוסנ, פּאָליאקנ אונ פויערימ.

נעמענ פונ אנדערע פעלקער בויטענ זיכ אינ מויעכ מיט א גוואלדיקער אומבאשטימטקײַט. עס איז, צומ בײַשפּיל, זייער שווער צו זאָגנ, וואָס איז דער אונטערשייד צווישנ גראפנ אונ פראנצויזנ. בא א זעלמעניאנער אינ קאָפּ ליגנ אינ איינ קופּע: פירשטנ, גראפנ, דײַטשנ, פראנצויזנ, סראָרעס, ענגלענדער, מלאָכימ אונ אזוי ווײַטער.

דער פעטער זישע האָט געהאט אמאָל צו טאָנ מיט א גראפ, ס'קענ זײַנ אָבער, אז דאָס איז א באָבע־מײַסע, וואָס מע דארפ זי נאָכ אויספאָרשנ.

דאָס האָט געשענ באלד נאָכ דעמ פעטער זישעס כאסענע. אינ א ווינטערדיקער נאכט איז צומ רעבזעהויפ צוגעפאָרנ מיט א גלעקער־געקלאנג א פריצישער שליטנ געשפאנט אינ דרײַ פערד. די מענטשנ האָבנ געפרעגט אפ א זייגער־מאכער. דעמלט האָט מענ דעמ פעטער אוועקגעפירט אפ צוויי וואָכנ.

באמ גראפ אינמיטנ שטוב איז געשטאנענ א גרויסער זייגער אונטער א גלעזערנעמ צודעק. אלע שאָ פלעגט ארויסגיינ א גאָלדענער האָנ אונ אויסקרייענ די צײַט. דעמלט האָט דער האָנ אופגעהערט ארויסצוגיינ. אז די גראפיניע איז אָבער פונ הארצווייטעק קראנק געוואָרנ, האָט דער אלטער גראפ געשיקט נאָכ א זייגערמאכער.

דער פעטער זישע איז צוויי וואָכנ ארומגעקראָכנ אינ זייגער ווי אינ א גלעזערנעמ כיידער. ער האָט געהאט דעמ בעסטנ קאָפּ אונ סאָפּקאָלסאָפּ אויסגעפונענ די זייגערישע קרענק.

פונקט צוועלף אזייגער באטאָג האָט זיך באוויזן דער האָן און אויסגעקרייט.

די סימכע אין גראפס הויז איז ניט צו באשרײַבן. באנאכט האָט מען דעם פעטער זישען אוועקגעזעצט צוזאמען מיט אלע פירשטן און פראנצויזן בא איין טיש. דער פעטער האָט גאָרנישט ניט געגומען אין מויל צוליב טארפעס.

דעמלט איז דער גראף געוואָרן שיקער און געגעבן דעם פעטער א הונדערטער, נאָכ־דעם איז ער געוואָרן נאָך שיקערער און געגעבן אים נאָך א הונדערטער. די גראפיניע האָט זיך ארײַנגעמישט, אניט וואָלט ער אים עפשער אָפּגעגעבן דעם גאנצן פארמעגן.

אלזאָ, ניט אומזיסט האָט דער פעטער זישע א גאנצן לעבן נאָכדעם געקוקט אף זיך, ווי אף א ביסל א העכערן סאָרט מענטשן.

פאראן נאָך עפעס א מין פאָלק—ווענגערס. דאָס זײַנען צוויי מענטשן מיט אר־שינען אין די הענט, מיט פעק אף די פלייצעס, וואָס האנדלען מיט טישטעכער. דאָס דאָ־זיקע פאָלק איז אונטערגעגאנגען, נעבעך, בײַם דער מילכאָמע.

וועגן ציגײַנער ווייס מען אין רעבזעהויף. מע האלט אָבער, אז ס'איז מער א שלעכטע באשעפטיקונג איידער א פעלקערשאפט.

IV

## זעלמעניאנישע זאָאָלאָגיע

דרײַצן פון די לעבעדיקע באשעפענישן זײַנען באוווסט אינעם רעבזעהויף:

א פערד, א קו, א ציג, א שעפס, א קאץ, א הונט, א מויז, א הון, א גאנדז, א קאטשקע, אן אינדיק, א טויב, א וואראָנע.

פון א כאזער ווייס מען ניט אף צעלאָכעס.

מע דערציילט, אז די באָבע־באשע האָט אמאָל געהאלטן א קו. דאָס איז שוין אָבער אזוי צו זאָגן, פאָרגעשיכטע. דאָס איז א כאָלעם אָדער א באָבע־מײַסע, וואָס דארף נאָך אויסגעפאָרשט ווערן. גאנץ מעגלעך, אז די באָבע באשעס קו האָבן די זעלמעניאנער אויס־געטראכט דעמלט, ווען זיי האָבן געגעסן פאָסטנע גרויפּן.

צוליב א הון און א שויכעט איז די מומע העשע אומגעקומען פון דער וועלט.

פונדעסטוועגן איז די הון מיט איר שטילן כאראקטער שטארק ארײַנגעפאסט אינעם רעבזעהויף, ניט ערגער ווי א ריבײַזן. שטענדיק גייט ארום ערגעץ א זעלמעניאנישע הון און פיקט בא די פונדאמענטן פון די שטיבער.

מע זאָגט, אז די באָבע באשע האָט צו די עלטערע יאָרן אויך אויסגעזען ווי א הון.

אין ערגעץ האָט מען ניט אומגעבראכט אזויפיל מײַז ווי אין רעבזעהויף.

דער פעטער איטשע ווארפט אין זיי שטײַטלעך האָלץ; עמעס, ער טרעפט דאפקע אין די געפעס, אָבער דערפאר ציטערן פאר אים דידאָזיקע מיִעסקײַטן איימעס מאָוועס. ער־גער איז מיט כײַעלע דעם פעטער יודעס. דערזעט זי א מויז, שפרינגט זי ארויף אפן טיש, נעמט זיך קלאפן אין הארצן און שרײַט מיט א געוויין:

— א קיש! א קיש!

ניט אומזיסט איז זי אזוי צוגעבונדן צו איר ראבער קאץ.

באנאכט, אויב סע פאלט נאָר אביטל שײַן פון דער לעוואָנע אף די פּאָדלאָגעס, קריך

ארויס די גרעסטע מײַז, שטעלן זיך אפ די הינטערשטע לאפקעס אינמיטן שטוב און מיט די פאָדערשטע כאפן זיי שיטערע שטראלן פון דער לעוואָנע און שטופן אין מויל אריַין. מע זאָגט, אז זיי עסן דאָס.

א וואראָנע איז א נאָמען, וואָס פאסט ניט שלעכט פאר אלע שווארצע פייגל.

פאראן א פייגעלע, שטענדיק טרעפט מען עס אפ די דעכער פונעם רעבזועהויף. דאָס איז א גרוי פּראָסט פייגעלע—א וואָראָביי. די זעלמעניאנער קוקן אפ דעם און זעען עס ניט, ווי זיי קוקן אפ דער לופט און זעען זי ניט. זיי האָבן אפילע ניט קיין נאָמען פאר דעם דאָזיקן פייגעלע. צאלקע האָט עפּעס יע אויסגעטראכט פאר דעם א נאָמען—שפערל. נאָר קיינער דארף ניט דאָס פייגעלע און קיינער דארף ניט דעם נאָמען[1]

## V

## זעלמעניאנישע באָטאניק

א בעריאָזע.

## VI

## זעלמעניאנישע פילאָלאָגיע

דער טעמפּ פונעם ארט ריידן אין רעבזועהויף איז א באדאכטער און א לאנגזאמער. די זעלמעניאנער דזשעקען. זיי זאָגן: דזשיר, זשעכטשיק, בוזשים.

קיין טראָפּ־בילדנדיקער ל און נ איז ניטאָ אין דער שפראך. מע זאָגט: קליידול, מייַדול, א רעגוג, געגעסוג, געלאָפוג.

די זעלמעניאנער פארבײַטן דעם אקוזאטיוו פון צווייטן מין אפן דאטיוו. אפ כײַעלעס קאץ זאָגט מען: טרײַב ארויס דער קאץ פון שטוב. וועגן טאָנקען: איך האָב איר האָלט ווי אויגנווייטעק.

צוליב אומפארשטענדלעכע סיבעס האָבן די זעלמעניאנער געענדערט פארשיידענע ווערטער פון דער שפראך. צום בײַשפּיל: קוקסע אָנשטאָט קוקלע, ברושקע אָנשטאָט קרושקע, בלושקע אָנשטאָט וולושקע.

די זעלמעניאנער זאָגן: סיינ, פלייס,· סטארבנ, טלאָפּנ.

זיי זאָגן: ששייכל, ששרייפּע, ששכירעס.

זיי זאָגן: רושעס.

באַזונדערס באַלערנדיק איז דער פאקט, וואָס די זעלמעניאנער שאפן ביכלאל אייגענע ווערטער, לעמאָשל: שיליוע, כושקע, פינטעפליוש, טריוואלגער, בראדזשידלע א. א. וו.

דידאָזיקע שפראך־טעטיקייט שפּארט פון הויף מיט א טעמפּער אקשאָנעס. שפראך איז אן אָנשטעקנדיקע זאך און פארשפּרייט זיך אויך אויסערן הויף. די גרענעץ פון זעלמעניאנישן לאָשן ציט זיך הײַנט צו טאָג פון מײַרעוו־זײַט אונטער מינסק, לאָהויסק, סאמאָכוואלאָוויטש, סמילאָוויטש און פאהאָסט צו סלעץ, בא מאָליעוו און ווײַטער אין דער מיזרעכ־דאָרעמדיקער ריכטונג.

---

[1] פּיפּערנאָסער, ליגנבוואָרעס, בומלאקס, טוילייזל, וויזלטיר—אלץ כײַעס פון א גאנץ אנדער מין, וואָס האָבן צום רעבזעהויף קיין שום שײַכעס ניט.

# דער גרויסער געריכט

מענדע דעם גארבערס צוויי שווארצע שטיבער באַם ברעג טײַכל, ווי צוויי מיסטקאסטנס, זײַנענ ארומגעוואקסנ מיט א הויפ פונ א האלבנ קילאָמעטער, מיט גרויסע קאָרפוסנ, מיט א ציגלנעם קוימענ אפ א הונדערט קלאפטער אינ הימל, מיט א נעצ שמאָלע ליניעס, עלעק־טרישע דראָטנ, טעלעפאָנענ, מיט א שטענדיקנ אוטאָמאָביל באַם ארײַנגאנג פונ קאָנטאָר, מיט א זומער־גאָרטנ, מיט קלובנ, ביבליאָטעקנ, לאבאָראטאָריעס, אינזשענערנ אונ מיט א הודאָק, וואָס האָט אנ אייגענעם רויִקנ גארבערישנ קאָל.

פארטאָג, ווענ די פאבריקנ צעשרײַענ זיכ איבערנ שטאָט, הערנ די גארבערס ארויס פונ שלאָפ די רויִקע שטימ פונ אייגענעמ הודאָק, וואָס טיילט זיכ אויס פונ אלע מיט א נידעריקער ברייטער שטימ ווי א באס אינ אנ אָרקעסטער.

דעמלט שפריצט ארויס ליכט בא דעמ פעטער־פּאָליענ אינ פענצטער; באלד צינדט זיכ אָנ די עלעקטריע בא בערענ.

פארטאָג, אינעמ גרויענ שײַנ פונ באגינענ, זינגענ ניט קיינ שטערנ; איבערנ רעבזעהויפ גייט אנ איבערופ פונ סירענעס.

---

דער לעדער־זאוואָד האָט זיכ ארופגעבויט אפנ סוויסלאָטש, ווי א נײַע שטאָט. דאָס מוטנע טײַכל האָט איצט ארויסגערונענ פונ אונטער אימ, אונ אויסגעקומענ איז, אז דער זאוואָד האָט עס ארויסגעלאָזנ דעמ סוויסלאָטש איבער די שארע, ווײַסרוסישע פעלדער.

געווענ אלטע גארבער, דערהויפט צווישנ די סמארגאָנער פּיליזאָפנ, וואָס האָבנ א גאנצ לעבנ געוווסט, אז נאָר זייערע גלידער זײַנענ באשטימט אפ צו דובענ פעל: די הענט, די באָרוועסע פיס, דער קאָפ, די פלייצעס אונ אפילע די צונג,—די אלטע גארבער זײַנענ איצט ארומגעשטעלט געוואָרנ מיט וואלק־מאשינעס, שפאלט־מאשינעס, רעק־מאשינעס. האָבנ זיכ די מענטשנ דערפילט אביסל אָפּגענארט, ארומגעבלאָנקעט אונ געגענעצט איבער די צעכנ, ווי עמעצער, וואָס האָט עפּעס אינ מאָגנ. צו די מאשינעס האָבנ זיי, די אלטע גאר־בער גערוקט די „כוטשקעס‟, אליינ איז מענ געקראָכנ אינ זאָלניע, ווו מע קאָנ נאָכ שטיינ מיט דער קאָסע איבער דער פעל.

כעמע דער גארבער, דער 60־יאָריקער קלוגער כעמע, איז געוואָרנ א בראקירער אינ דער פאלטשער־אָפּטיילונג. בא די גרויסע פענצטער שטייענ די מאשינעס. כעמע האָט שטענדיק געזוענ פאר זיכ אינעמ מאטאָווונ ליכט פונ צעכ נאָר די הוילע געקנאָטענע פליי־צעס פונ די פאלטשער, וואָס האָבנ שווײַגנדיק געצויגנ די גרינע פעלנ. ער איז בעשטאנענ מיט די שפאקולנ אפ דער נאָז, אָנגעשפארט דעמ קאָפ אָנ די הענט, איבער דעמ הויכנ טישל מיט די אָנגעוואליעטע פעלנ אונ געווארט אפ אָפּנעמענ די פארטיעס.

אזוי ווארט מענ אינ בעסמעדרעש נאָכ דער לאנגער שמוינעעסרע אפ דעמ ראָוו! עס איז אימ, נעבעכ, געווענ זאָלקע אפנ הארצנ.

---

אינ דער זאָלניע איז נאס. דאָרטנ פאלט א טונקל גרינע שײַנ פונ די אויבערשטע שײַבלעכ; די לופט—פײַכט אינ גרינלעכ אונ די מענטשנ זעענ דאָרט אויס ווי אפנ גרונט פונ א טיפנ טײַכ.

דעמ פעטער־פּאָליעס פּאָנעמ—געבייניקט אונ געקניפּלט, איז גרינ ווי א קאקטוס. ער שטייט מיט דער קאָסע איבערנ קלאָצ, קימאט ניט קיינ מעכאניזירטער, דערזועלביקער פּאָ־

ליע וואָס אמאָל; א וויש מיט דער גומענער הענטשקע איבער דער פעל, א פּאָר שארנ מיט דער קאָסע אונ באלד ציט ער ארופ א צווייטע פעל אפנ קלאָץ. דער גערוכ איג דער זאַלניע שווימט ווי א וואָלקנ, שווער אונ געדיכט; אָנ דעמדאָזיקנ גערוכ קענ אָבער דער פעטער ניט ארבעטנ.

אמאָל איז געקומענ א מיידל פונ א קאָמיסיע, ווי נאָר זי איז ארײַנ איג זאַלניע האָט זי זיכ א כאפ געטאָנ בא דער האלדז:

— וואָס שמעקט דאָ אזוי?

דער פעטער פאָליע האָט זיכ ארומגעקוקט, א שמאָר געטאָנ מיט דער נאָז אונ געענט־פערט:

— איכ הער גאָרנישט.

דערנאָכ האָט ער א ווונק געטאָנ צו טראָכימ פונ נאָווינקע, זײַנ אייביקנ פרײַנט. א שמייכל האָט זיכ אויסגעקנייטשט אפ זייערע פענעמער איג טויזנטער קליינע קנייטשע־לעכ, פארשמירט אזש די פיצלעכ אויגנ; א גליקלעכער שמייכל אפ אָט דעמ מיידל, וואָס קומט דאָ שמעקנ איג דער זאַלניע.

דער פעטער פאָליע איז געווענ א כיטרער יונג.

---

א לעוואָנע נאכט. די מאטע שײַנ רינט אראָפּ פונ צווישנ די ווערבעס אפנ סוויסלאָטש דער פארשלאָפענער וואסער צווישנ די קורצע, קנאָכיקע בוימער זויגט ארײַנ איג זיכ די קילע לעוואָנע־שײַנ אונ עטעמט ארויס צו די ברעגנ א זיסע ווארעמקײַט. אָט אזוי, הייסט עס, לעבט אויכ דער סוויסלאָטש לויט די נאטור־געזעצנ!

ניט ווײַט פונ לעדער־זאוואָד טוט א פליוסק דאָס וואסער. א ביינערדיקע געשטאלט מיט א זעגל אפ די פלייצעס גייט ארויס פונעמ סוויסלאָטש. ניט קיינ וואסער־מיידל איז ארויס אפנ שטילנ, אויסגעלעוואָנעטנ ברעג, ניט קיינ וואסער־מיידל מיט צעפלאָכטענע צעפ צו קישעפנ די פארבײַגייענדיקע גארבער—דאָס איז פעטער פאָליע אריבער דעמ סוויס־לאָטש מיט א געגאנוועטער פעל אפנ פלייצע. עס סטארטשעט אָפּ דער הארטער וואָנצ פונעמ אָפּגעווײַסטנ פּאָנעמ.

צווישנ גראָז ציט זיכ אוועק א שמאָל שטעגעלע, ציט זיכ אונ פארדרייט זיכ, ווי א לאנגער שטריקעלע, ווײַט איבער דעמ געמויזעכצ אונ נאָכ דעמ גייט עס בארג ארופ צו די איינציקע קליינע שטיבלעכ.

פאָליע גייט מיטנ זאק אפנ פלייצע.

דעמלט טוט ווידער א פליוסק דאָס וואסער. עס גייט ארויס א צווייטע ביינערדיקע געשטאלט פונעמ סוויסלאָטש. דאָס איז בערע דעמ פעטער־איטשעס. אומזיסט האָט מענ, אלזאָ, פארשפרייט א קלאנג, אז מע האָט בערענ אראָפּגענומענ פונ דער מיליציע, ווײַל ער האָט קלוימערשט דורכגעלאָזנ א גאנעוו. בערענ איז שוינ לאנג ניט געפעלנ די גענג פונ דעמ כיטרענ פעטער:

— פונ וואנענ נעמט עס א ייִד צו פּיִאָנעווענ?

די לעוואָנע באשפריצט די פײַכטע קוסטעס, וואָס באמ ברעג טײַכל. עס איז קיל די ופּט, אנטשוויגנ אפ דורכזיכטיקע וויאָרסטנ ביזנ האָריזאָנט. שאָטנס, לופט, רייכעס. פאָליע שטעלט זיכ אָפּ, באטראכט דעמ שאָטנדיקנ מענטשנ הינטער אימ אונ פארקערעוועט באלד צו די פעלדער.

דער שאָטנדיקער מענטש—נאָכ אימ!

דעמלט נעמט פּאָליע שפּרײַזנ צו דער באַנ־ליניע, דריקט פעסטער דעמ זאַק צו די פּלייצעס, נאָכדעמ שפּרינגט ער אריבער דעמ בריק אונ לאָזט זיכ צומ וואַלד.

דער שאָטנדיקער מענטש—נאָכ אימ!

אויב אזוי, איז דעמ פעטער פּאָליענ ביטער געוואָרנ אפנ הארצנ. ער האָט צוריק מיט די פעלדער אוועקגעשפּרײַזט ארומ אונ ארומ דער שטאָט, געשפּאַנט א באַגאָסענער מיט שווייס אונ געזענ אפנ שטענדיקנ מעהאלעכ הינטער אימ דעמ מענטשנ, וואָס איז געגאַנגענ רויִק, אינ איינ ריכטונג מיט אימ, פּונקט אלע—פּאָליע, די לעוואָנע, דאָס זעקל אונ דער מענטש זײַנענ פונ איינ שטיק.

די פעלדער—באַגאָסנ מיט כרופּקנ, מיט זילבערלעכנ ליכט; די איינציקע בוימעלעכ ווי אָנגעצייכנט אינ דער לופט. ניט קיינ ריר, ניט קיינ שאָרכ.

דער מענטש גייט פונ הינטנ.

דעמלט האָט דער פעטער פּאָליע באַשלאָסנ, אז ער האָט אלעמענ אינ דר׳ערד. א האלבע נאַכט האָט ער ארומגעבלאָנזשעט מיט דעמ זעקל איבער די פעלדער, נאָכ דעמ ארומגעקראָכנ אינ די זײַטיקע געסלעכ פונ שטאָט, ביז ער האָט זיכ קוימ מיטנ לעבנ ארײַנגעכאַפּט אינ רעבזעהויפ.

דער רעבזעהויפ האָט מיט די קליינע פענצטערלעכ ארויסגעפינקלט פונ הינטער די רישטעוואַניעס. דער רעבזעהויפ איז געלעגנ ווי א צעגומענער זייגער. אפנ פעטער יודעס שטוב האָט געפעלט דער דאַכ. טיפ אינ הויפ, נעבנ מויער—א פײַער אונ צונויפגעקוטשעט בורעט לעבנ אימ א מענטש—דער וועכטער פונ דער בויונג. אָנגעבויגנ צו די ווענט שטייענ דראָטענע נעצנ. הינטער זיי—פרישע בערגלעכ דורכגעזיפּטער זאמד. צווישנ דעמ אָנגעוואַלגערטנ געהילצ, אײַנגעגראָבנ אינ דער ערד שטייענ די וואַפּנע־קאַסטנס אָנגעגאָסנ איצטער מיט לעוואָנע־שײַנ. דער רעבזעהויפ ארומגעקלאַפּט מיט ברעטער, פארוואַלגערט מיט ציגל, ליימערס, אײַזערנע טרויבנ, האָט מיט די איבערגעפוילטע דעכלעכ מיט די פארקלעפּטע פענצטערלעכ ארויסגעקוקט אונטער דער לעוואָנע, ווי אנ ארויסגעגראָבענער בעסיילעמל.

דער פעטער פּאָליע איז איבערגעשפּרונגענ די וואַפּנע־קאַסטנס אונ פארשווּנדנ מיט דעמ זעקל אפנ פּלייצע אינ פינצטערנ לאָכ פונ מויער. דאָס פײַערל אינ הויפ האָט זיכ געבלעטערט, געכאַפּט אָנ די טרוקענע זײַטלעכ האָלצ אונ עס האָט זיכ געהערט ווי דער רויכ גייט ארופ צומ הימל. עס האָט זיכ געהערט ווי די גרילנ כאַפּנ ארײַנ די לעצטע לידער אינ די צעטראַכניאַוועטע ווענט פונעמ רעבזעהויפ. עס האָט זיכ געהערט ווי די לעוואָנע רירט אָנ די שײַבלעכ פונ די קרומע אײַנגעבויגענע פענצטער.

נאָכ דעמ האָט דער וועכטער, זיצנדיק באַמ פאָרפלענדיקנ פײַערל, געזענ ווי די זעלמעניאַנער האָבנ זיכ פונ די שטיבער שווײַגנדיק א לאָז געטאָנ צומ מויער. די ווײַבער האָבנ געבראָכנ די הענט. עס איז קיינמאָל ניט געווענ אזוי שטיל אינ רעבזעהויפ־הויל אונ וויסט. די לעוואָנע האָט ארומגעוועבט מיט א שפּינוועבס דעמ הויפ צווישנ די שטיבלעכ אונ שטילער נאָכ ארײַנגערונענ אינ די טונקעלע פירהויזלעכ.

פּלוצלונג האָט א קלונג געטאָנ א שויב אויבנ אינ מויער. עס האָט זיכ ארויסגעריסנ א ביטערער געהויל. באַלד איז ווידער שטיל געוואָרנ. דער וועכטער האָט זיכ אופגעהויבנ; קענטיק, אז די זעלמעניאַנער דאָרטנ, אויבנ אינ מויער, מאָרדעווענ זיכ איצטער ביז טויט.

באַ דעמ פעטער פּאָליענ אינ שטוב איז געווענ ענג. די מענטשנ צונויפגעפּרעסטע האָבנ זיכ געשטויסנ מיט די שטערנס, געשאָקלט מיט די קעפּ אפ דער קלאָג מיט פּאָליענ, וואָס זײַנ ייִדענע האָט אימ דערפירט אפילע צו גנייווע. אינ מיטנ שטוב איבערגעבויגנ איבערנ

זעקל האָט געשטאַרטשעט פאַרגליווערט דעם פעטער פּאָליעס ברייטע שטומע פּלייצע. די האַרטע, ביינערדיקע פּלייצע האָט אַרויסגעשפּאַרט מיט טעמפּער זעלמעניאַנישער אַקשאָנעס. בערע האָט אים גאַנץ קאַלטלעך אָנגענומען פאַר די זײַטן און אָפּגעשטופּט.

דעמלט האָט פעטער־פּאָליע אויפגעהויבן אַ האַנט און אַראָפּגעלאָזן אַ פּראַסק. דאָס איבעריקע איז שוין געוואָרן אומקלאָר, פינצטער, ווי אַ פּלעם אין די אויגן.

אַרום און אַרום האָט אַ שלײַדער געטאָן מיט הענט, ענג—ביז ניט צו עטעמען, און געקנאַקט האָט פון אונטן, פון אויבן מיט אַזוינע מוירעדיקע בענטשן ווי מע זעצט אַ דויבנע אין דער ערד.

דאָס איבעריקע איז געוואָרן אומקלאָר, האַרט ווי אַ קני אויפן האַרצן.

דער פעטער־פּאָליע איז מיסטאָמע געלעגן סאַמע ̣אונטן; די קלעפּ איבער די אָנגעוואַלגערטע מענטשן זײַנען דערגאַנגען ווי אַ ווײַטער אָפּהילך, האָבן שוין צו אים קיין שײַכעס ניט געהאַט. בלויז עפּעס אַ האַנט האָט זיך אין אים אײַנגעשפּאַרט. אַרומגענומען מיט די אויסגעשפּרייטע פינגער דאָס גאַנצע פּאָנעם און פון דער נאָז געמאַכט דער ווייסט וואָס.

וועגן דער נאָז רעדט זיך שוין ניט, עס האָט געהאַלטן, אַז די נעשאָמע זאָל ניט האָבן פון וואַנען אַרויסצוקריכן.

דעם פעטער האָט מען נאָך דעם אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער וואַסער. ער איז געלעגן ווי אַ געפּאַלענער פערד, צעשלײַדערט די לאַנגע הענט און פיס און געסאָפּעט מיטן בויך. און באַם טיר איז געשטאַנען זי, פּאָליעס ווײַבל, די הענט פאַרלייגט אויפן בויך, די אויגן—טרוקן און געקלאָגט אויף אַ פרעמדן קאָל, אַ קאָל וואָס גייט פון אַ קיילע און ניט פון אַ מענטשן:

— פאַרוואָס האָט ער דאָס אים געשלאָגן? פאַרוואָס, אַן אייגענעם פעטער? און צי אַזוי שלאָגט מען אַ מענטשן?!

---

נאָכדעם האָט פּאָליע געפּרוּווט אײַנריידן די זעלמעניאַנער, אַז עמעצער האָט אים געגעבן די פעל איבערן אויף צוהאַלטן און איז אַנטלאָפן און בלויז צוליב זײַן ערלעכקײַט קומט אים איצטער אויס צו לײַדן. מע האָט אים ניט געגלויבט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך פּאָליע פּלוצלונג דערמאָנט, אַז די פעל האָט ער אַליין אָפּגעשונדן פון אַ פערד, וואָס ער האָט אים נאָך דעם באַגראָבן, נאָר ער געדענקט ניט ווו.

דער פעטער איטשע איז צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבעס אַרומגעגאַנגען איבערן הויף און געהייסן, מע זאָל פּאָליען אומבאַדינגט גלויבן, ער האָט אַפילע צוגעגעבן, אַז בערען, דעם אייגענעם זון, וועט ער ניט אַרויפלאָזן אויפן שוועל.

די זאַך איז שוין אָבער דערגאַנגען צו ווײַט, און סאָפּקאָלסאָף האָט פּאָליע אויפגעהערט צו זוכן סיבעס פאַר דער אומפאַרשטענדלעכער געשעעניש. ער האָט נאָר געקוועטשט מיט די פּלייצעס, וואָס עס האָט געדאַרפט באַטײַטן, אַז ער וווּנדערט זיך אַליין, און אַז אויף אַ נאַטירלעכן אופן קאָן ער די זאַך ניט דערקלערן.

---

ביים געריכט אין קלוב איז פּאָליע געזעסן אויף דער בינע—די לאַנגע הענט אויף די קני, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן. די זיבן הונדערט אַרבעטער פון זאַוואָד זײַנען בײַגעוועזן אויפן געריכט. דער רעבזעהויף, דער באַוואָקסענער רעבזעהויף מיט די צעריסענע עלנבויגנס איז געזעסן אויף די פאָדערשטע בענק, געשטיקט דעם וויסטן ביזאָען אין די בערד פון דעם מאָדנעם געפּיל, אַז דאָ מישפּעט מען ניט פּאָליען, נאָר דעם הויף. פּאָליעס

ווײַבל האָט אינ א קאָשיק געבראַכט דעמ וואַרמעס אונ, שטייענדיק בא דער בינע אלע ווײַלע אטכאיעט מיט עפּעס דעמ פאַרשמאַכטנ דערשלאָגענעמ פּאָליען.

באמ טיש זײַנענ געזעסנ די ריכטער—דרײַ אלטע ארבעטער פונ זאַוואָד. פונ צווישנ די קנוילנ רויכ איבערנ רויט־געדעקטנ טיש האָט אָבער אויכ ארויסגעקוקט נאָכ א קאָפּ אנ ארומגעראַזירטער, האַרטער קאָפּ. נאָכ דעמ האָט מענ זיכ דערוווסט, אז דאָס איז ער, פּאָרשניעוו, א לעגענדאַרע געשטאַלט פונעמ רעבזעהויפ. ער איז געזעסנ אָנגעשפּאַרט אפ בײדע הענט איבערנ טיש אונ געצויגנ פונ א פּאַפּיראָס.

די זעלמעניאַנער זײַנענ געזעסנ האַלב אינ שטילנוגג אונ האַלב אינ שרעק. עס האָט זיכ בעשומויפנ ניט געגלויבט. דער רעבזעהויפ האָט איצט באַשײַמפּערלעכ געזענ, ווי זײַנער נאָכ א ווינטערדיקער כאָלעמ פונ די טוכלע שטיבלעכ ווערט פּאָשעטע וואָר; דעמ פּאָרשניעוו קענ מענ איצט נעמענ אונ אָנקוקנ מיט די אויגנ. דעמאָלט האָט פעטער איטשע אראָפּגעלאָזנ א פאַרוווּנדערטע האַנט אונטערנ באַנק אונ שטילערהייט א קניפּ געטאָנ ד' מומע מאַלקעלע אינ קני:

— קוק, אונ פאַרשטײ, וואָס דו זעסט!...

די מומע מאַלקעלע האָט געקוקט: אָט דאָס איז ער—בערעס מאַזל. אָט דאָס איז פּאָרשניעוו, וואָס זײַנ נאָמענ האָט זיכ ווינטער, אינ דער מעטעליצע, ארײַנגעריסנ פלוצלונג אינעמ רעבזעהויפ, אומגעבראַכט דעמ ברוקירער אונ אריבערגעוואָרפנ בערענ פונ דער מיליציע אפנ זאַוואָד. אָט דאָס איז ער, וואָס טרייסלט די אלטע ווענט פונעמ רעבזעהויפ:

— דאַכט זיכ, א מענטש, ווי אלע מענטשנ?!

— בעהיימע!

עס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אלטע ארבעטער פונ זאַוואָד. עס האָט גערעדט ווינצענט, דער גרײַז־גרויער מײַסטער פונ כראָמ־צעכ. ער האָט דערוויזנ, אז פּאָליע איז אנ אָפּגעשטאַנענער עלעמענט. עס האָט גערעדט ווישניעווסקי דער פאַלטשער אונ דערוויזנ, אז שולדיק איז דער רעבזעהויפ, די קלײנבירגערלעכע סוויווע, וואָס טאָמשעט פּאָליענ ווי א וואָרעמ. עס האָט גערעדט דער אלטער כעמע, כעמע דער בייגער, וואָס טוט אָנ די שפּאַקולנ באמ ריידנ, אנדערש הערט ער ניט די ווערטער אונ די קלוגע מעשאָלימ, וואָס ער ברענגט. ער האָט געזאָגט, אז שולדיק איז נאָר פּאָליע. זײַנע שיינע מעשאָלימ, דערהויפּט ווענג א שנור אונ א שוויגער, האָבנ באַזונדערס אויסגענומענ בא די סמאַרגאָנער גאַרבער, ווײַל עס איז שוינ פעסטגעשטעלט, אז אינ סמאַרגאָנ רעדט מענ מיט מעשאָלימ. טראָכימ האָט גערעדט. ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער פונ אָרט, געקנייטשט דאָס היטל אינ האַנט אונ סאָפּקאָלסאָפּ פאַרענדיקט, אז ווי דער געריכט וועט אורטיילנ איז גוט. קלאָר, אז ער האָט זיכ ארויסגעמאַכט. וואָס זאָל מענ טאָנ, אז ער האָט פּאָרט ליב געהאַט פּאָליענ ווי דעמ לעבנ? עס האָט גערעדט דער נידעריקער שימטשיק, דער וואָס שפּילט אינ אָרקעסטער. אויכ ער האָט געגומענ א וואָרט קעגנ פּאָליענ, כאָטש פונעמ בלאָזנ אינ דער טרובע באַמבלט זיכ בא אימ די צונג צווישנ די ציינער. עס האָט גערעדט קוניע דער שמיד פונ מאָנטאַזשצעכ, קוניע, וואָס באמ ריידנ מוז ער צוקלאַפּנ מיטנ פוס, ווי ער וואָלט געשטאַנענ באמ בלאָז־זאַק. עס האָט גערעדט מיטשוליכע דער באַמשטשיק, דער וואָס האָט פינפ אונ צוואַנציק יאָר זיכ געוויקט ווי א פעל אינ מענדע דעמ גאַרבערס צאָפּעס. איצט רעדט ער שוינ מיט הוילע דזשאַזניעס. מיטשוליכע האָט געבעטנ, אז דאָס זאָל מענ פּאָליענ מויכל זײַנ.

אונ דעמאָלט איז עס געשענ. דעמאָלט האָט פּאַסירט עפּעס אזוינס, וואָס האָט אונטערגע־

גראָבנ די זעלמעניאַנער אינ וואָרצל. אראָפּגעלאָזנ די קאַלטע נעוער, האָבנ זיי נאָכ דעמ בעקוקט אפנ געפאקטנ קלוב דורכ גראָבע טרערנ אינ די אויגנ אונ גאָרנישט ניט בעזענ. א וויסטע כארפּע. די מויד, טאָנקע דעמ פעטער זישעס, האָט אויבנ אפּ דער בינע ארויסגעגעבנ פאר די ריכטער זייער געלאסנ, נאָר מיט א מאָדנער גיפט, די אלע קליינע סוידעלעכ פונעמ רעבזעהויפ. עס האָט זיכ ניט געגלויבט, אז אייגענע בלוט זאָל טראָגנ אזויפיל סינע צומ הויפ. גערעדט האָט זי רוס און מיסטאָמע נאָר צוליב דעמ איז ניט געווענ אלצ פארשטענדלעכ, כאָטש עס האָט גוט ווייַ געטאָנ אויכ יעטווידער אומפארשטאנענער וואָרט:

— די זעלמעניאַנער, — האָט זי געזאָגט, — האָבנ געוואָלט פארשטיקנ פאָליעס נגייווע. עס האָט זיי ניט געפאסט, מערניט, ווייַל עס האָט זיי ניט געפאסט. וואָרומ וואָס איז דער רעבזעהויפ אינ גרונט? דער רעבזעהויפ אויב ער גאנוועט ניט, קענ ער אָבער אלע שאָ גאנווענענ. עמעס, נאָר צו קליינע ברעקעלעכ פונ אומעטומ. אזוי גאנוועט א זעלמעניאַנער. דער ברוקירער האָט זיכ פונדעסטוועגנ אָנגעשלעפּט א פולנ קופערט. א פינצטערע גרוב איז דער רעבזעהויפ, — האָט זי געזאָגט, — פאראנ א זעלמעניאַנערטע, וואָס פארמאָגט נאָר איינ זילבערנע לעפל אונ זי וואקלט זיכ שוינ צו גיינ מיטנ פּראָלעטאריאַט. עס לוינט איר ניט. די זעלמעניאַנער קלייַבנ פונ דוירעס א שטריקעלע צו א שטריקעלע אונ אפּ דעמ בויענ זיי די וועלט. פאראנ אינ הויפ אביסעלע גייַווע, אונ אביסעלע ליגנ, אונ אביסעלע גנייווע, אונ אביסעלע כניפע, ווייַל לעכאטכילע איז א זעלמעניאַנער צוזאמענגעשטעלט פונ קליינע ביסעלעכ. ער האָט ניט קיינ בענק אונ קיינ מאיאָנטקעס, האָט ער אָבער אכצנ פּאָמוינישטקעלעכ, צוועלפ קופערנע קענדלעכ, א רינאַל אונ א מופטע אונ נאָכ אונ נאָכ. שטענדיק פארטאָג, ווי א מילב, בלייַבט נאָכ דעמ פונ א זעלמעניאַנערס לעבנ בלויז א קליינ לעכעלע, אָדער פול איז דאָס דאָזיקע לעכעלע מיט פינצטערניש אונ טעמפּקייַט.

דער פעטער פאָליע האָט דאָכ געוואָלט זייַנ א הויב־מאשינ! די פינצטערניש איז אזוי גרויס, אז אונדזער וואָר ווערט דאָרטנ פארוואנדלט אינ א כאָלעמ אונ, פארקערט, קלאנגענ, באָבע־מייַסעס באקומענ בלוט אונ פלייש אונ עקזיסטירנ אינ רעבזעהויפ ווי לעבעדיקע באשעפענישנ. אזוי האָט פּאסירט מיט איינער א מאשיניסטקע פונ וולאדיוואָסטאָק, וואָס לעבט נאָכ ביז הייַנטיקנ טאָג אינעמ רעבזעהויפ אינ א געשטאַלט פונ א גראפיניע. דער רעבזעהויפ לעבט פונ שטיקלעכ אָפּפאָל, רעשטלעכ פונ אבערגלויבנ, רעליגיע, פארקריפּלטע נאַיווע יעדיעס פונ פארשיידענע וויסנשאפטנ. צוזאמענ מיט אונדזערע פּיאָנערנ באווייַזנ זיכ פלוצלונג אינ די זעלמעניאַנישע שטיבער לאמעדוואָוניקלעכ, ייִדעלעכ מיט פידעלעכ, וואָס טאנצנ אפנ דראָט, לייקענענ אָפּ די לופט בלויז מיטנ אייגענעמ שארפנ סייכל. מע פירט אייַנ עלעקטרע, דערבייַ בליט ערגעצ אינ א ווינקל פונ א טוכלענ שטיבל דער קישעפדיקער גראָז ליובעזניק. עס טרעפט, אז מענטשנ גייענ דאָ ארומ ווי אינ א היגערפלעט, פלוידערנ ווי פונ שלאָפ אונ די אויערנ הערנ ניט וואָס דאָס מויל רעדט. אָט דאָס איז דער רעבזעהויפ. עס זייַנענ אָבער דאָ אזוינע, וואָס מאכנ פונעמ הויפ א וועלט־אָנשויונג, א וויסנשאפט, אנ אידעאל. אָ, די זעלמעניאַנער דענקער, וואָס האָבנ אפילע געפרווט פעסטשטעלנ אנ אייגענע קולטור אינעמ רעבזעהויפ, די קולטור פונ קליינע ביסעלעכ. צאלע, א וויסנשאפטלער. א געבירטיקער פונעמ זעלביקנ הויפ, האָט אזוי לאנג געפאָרשט די אייגנטימלעכקייַט פונ די זעלמעניאַנער, ביז ער האָט זיכ ניט אופגעהאנגענ פונ גייַסטיקער אָרעמקייַט...

אָט דאָס האָט זי געזאָגט. דער פעטער איטשע האָט א וויש געטאָנ די נאסע אויגנ פונ כארפּע. עס איז געווענ אזוי, ווי מע וואָלט דאָ אויסגעטאָנ די זעלמעניאַנער אונ

ארויסגעשטעלט זיי הויל־נאקעט אפ דער גאס. ער האָט זיך, נעבעך, געשעמט פאר דער אייגענער נאָז.

אין קלוב איז געשטאנען א טומל. די ארבעטער האָבן, דעם עמעס זאָגנדיק, אויך אביסל געצווייפלט, קוים געוואָלט גלויבן, אז עס זאָל דאָ ניט ווײַט פון זאוואָד עקזיסטירן א הויף, ווו די מענטשן לעבן ווי אין א פארקישעפטן שלאָס. דערהויפט האָט זיך געקאָכט טראָכים פון נאָווינקע, פאָליעס אייביקער כאווער. א שטענדיקער ארײַנגייער אינעם רעבועהויף, האָט ער פארזיכערט, אז אין הויף איז גאָרנישט ניטאָ, פראָסטע ייִדער־לעך, האָרעפאשניקעס, און טאָנקען האָט ער פראָסטע פאָשעט באשולדיקט אין אנטיסעמיטיזם. ער האָט פון זאל א הויב געטאָן דאָס היטל צו פאָליען ווי א צייכן, אז דער פעטער מעג דאָרטן זיצן פולשטענדיק רויִק.

די ריכטער האָבן אויסגעפרעגט פאָליען.

איצט האָט שוין די שטומורע ניט גערעדט צו דער זאך, געפּלוידערט, אז בלויז צוליב אן אָפּגעשונדענעם פערד איז ער געוואָרן א גארבער און ניט קיין זייגערמאכער, און צוליב אן אָפּגעשונדענעם פערד וועט ער ביכלאל גיין פון דער וועלט. ער האָט געוואָלט אײַנריידן זיך און די ריכטער, אז אן אָפּגעשונדענער פערד איז דער מאזל פון זײַן לעבן. עס איז אים אָבער ניט געלונגען. וועגן טאָנקען האָט ער זיך אויסגעדריקט, אז בא אים איז א גראָבער קאָפּ און ער פארשטייט ניט וואָס זי רעדט. ער מיינט, אז זי לאָזט א רויך אין די אויגן.

— אָבער גאנוועגען וועסטו נאָך?

פאָליע האָט זיך אופגעהויבן און דערקלערט, אז ער וועט זיך אריבערקלײַבן אין דער נײַער דירע, וועט ער ניט גאנווענען.

— ווילסטו דערמיט זאָגן, אז שולדיק איז די קליינבירגערלעכע ארומרינגלונג? —האָט געפרעגט דער ריכטער וואסיליעוו, א מאשיניסט פון זשעלאָטינ־צעך.

ער האָט א טראכט געטאָן ווי בעסער איז און געענטפערט פראָסט:

— איך וועל מערניט גאנווענען!

דער געריכט איז אוועק בארא‌טן זיך. אין קלוב—טונקל פון רויך און שוויס. דעמלט איז פאָרשניעוו אראָפּ פון דער בינע אין זאל. די ארבעטער האָבן געוואָלט הערן זײַן מיינונג וועגן געריכט, ער איז אָבער אוועק פאָשעט און זיך צוגעזעצט צו די זעלמעניאנער. ער האָט דערלאנגט א האנט דעם פעטער איטשען. דעמלט האָט א גאָס געטאָן א גרויסער שטראָם געפילן אין די זעלמעניאנישע הארטע געבייניקטע פּנעמער, אומגעריכטע געפילן צו בערען און צו זײַנע כאווירים.

פאָרשניעוו האָט געשמייכלט.

עס לאָזט זיך אויס, אז ער קאָן די זעלמעניאנער. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וויפל, אשטייגער, פארדינט דער פעטער איטשע, וואָס איז געוואָרן מיט דעם פעטער יודע. אז צאלקע האָט זיך אופגעהאנגען האָט ער שוין אויך געוווּסט. ביכלאל איז דער פאָרשניעוו א פראָסטער מענטש מיט א פראָסטן קוק אפ זאכן און עס איז בעפּירעש ניטאָ וואָס צ שרעקן זיך.

די קלוגע מומע, די מומע מאלקעלע, האָט דעריבער אויסגענוצט די געלעגנהײַט און אים דערקלערט אלצ ווי דער עמעס איז:

— וועגן די זעלמעניאנער,—האָט זי געזאָגט, — איז נאָך ניט אזוי ווי מע מאכט. מע איז טאקע איינפאכע מענטשן, ניט פון גרויסן שניט, אָבער ערלעך איז מען פון אלעמאָל

א וואָרט איז א וואָרט. אונ דאָס מעג ער זײַנ זיכער, אז אויכ פאָליע, כאָטש ער איז א מענטש מיט א גראָבלעכנ כאראקטער, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט לערנענ, אויכ ער, וועט מערניט אָנרירנ פונ זאוואָד, וואָס א האָר איז ווערט, וואָרומ ער שטאמט פונ גאָר שיינע עלטערנ. וועגנ טאָנקענ,—האָט זי געזאָגט,—ווייס מענ ניט וואָס זי וויל. עמעס, דאָס מיידל האָט א שלעכטנ לעבנ. עפעס האָט זי זיכ ניט געקאָנט צונויפקומענ מיטנ מאנ. מע האָט, אפאָנעמ, ניט געשטימט, איז איר, פארשטייט זיכ, ניט גוט אפנ הארצנ אונ זי רעדט וואָס מע דארפ ניט. אָבער אויכ זי האָט א גאנצ איידעלנ כאראקטער אונ מע זאָל איר איבערלאָזנ גאָלד וועט זי ניט טשעפענ.

פאָרשניעוו האָט זיכ געלאָזנ ריידנ.

האָט די מומע־מאלקעלע באקומענ מוט אונ גענומענ באווײַזנ, אז לויט איר סייכל דארפ מענ דעמ רעבזועהויפ ביכלאל ניט אראָפנעמענ, וואָרומ נאָכ אלעמענ איז א שאָד דאָס געלט אויכ. זי האָט געקוקט אפ אימ, געווארט, וואָס וועט ער זאָגנ. פאָרשניעוו האָט געלאכט. ער האָט א קלאָפ געטאָנ דער אלטער מומענ איבערנ פלייצע אונ צוגעגעבנ:

— נאדאָ, נאדאָ!

דעמלט האָט די מומע מאלקעלע שוינ אויכ געלאכט פונ איידלקײַט וועגנ.

---

שפעט באנאכט איז דער רעבזועהויפ געגאנגענ פונ געריכט. א קילע, אויסגעשטערנטע נאכט. פאָרויס, אינעמ לײַכטנ רעקל, האָט זיכ גערוקט דער הויכער פעטער איטשע, צונויפגעדרייט אינ דרײַענ ווי אנ אלטער באָק (איטשקע דער באָק) פאר דער סטאדע. נאָכ אימ האָבנ זיכ שווײַגנדיק געשלעפט די יידענעס, די אלטע איבערגעדרייטע לאָמפנ פונעמ רעבזעהויפ.

עס איז שוינ אלצ געווענ קלאָר.

רעבזועלמעלעס קעניגרײַכ, וואָס האָט זיכ געצויגנ בא א זיבעציק יאָר, אינ א מעשעכ פונ דוירעס, איז אונטערגעגאנגענ, אונ ניט נאָר וואָס עס וועט ניט דערבויט ווערנ יענער ברורנעמ, דער כאָלעמ פונ רעבזועלמעלענ, אז די זועלמעניאנער זאָלנ האָבנ צו טרינקענ אייגענע וואסער, נאָר עס וועלנ אראָפגעראמט ווערנ פונ דער ערד די שטיבלעכ, די פלענקענער, די שטעלכלעכ, דעמ זועלמעניאנישנ מויערל גופע, וואָס איז געווענ אזויפיל יאָרנ דער אומפארגלײַכלעכער שטאָלצ פונ די צענדליקער זועלמעלעכ.

דער רעבזועהויפ האָט זיכ אינ לעצטנ מאָמענט באגאנוועט. ניט אזוי די גנייווע, ווי דער שיינער געריכט, ווו מע האָט אָפגעדעקט יעטווידער שמאטקעלע פונעמ רעבזועהויפ, געטאפט אינ די בעבעכעס—ווי איז דאָרטנ גוט צי שלעכט. אונ אז עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז נאָכ דער גרויסער פארגאנגענהײַט האָבנ די זועלמעניאנער גאָרנישט באמ לײַב אינ לעבנ, כוצ די צענ פינגער. רעבזועלמעלע, אָלעווהאשאָלעמ, האָט געבויט אפ זאמד, אונ ער, דער פעטער איטשע, דער לעצטער פירשטלעכער זונ פונ די זועלמעניאנער, איז איצט געגליכנ צו אלע גרויסע קייסאָרימ, וואָס האָבנ פארלאָרנ די טײַערע קרוינענ אינ דער בלאָטע.

ער האָט געשמאכט.

באמ ראָג גאס איז געשטאנענ טאָנקע. זי האָט געווארט אפ די געלאָסענע זועלמעניאנער, וואָס בלײַבנ שטענדיק רויִק, לאנגזאמ אונ קאלט. דער פעטער האָט אָפגעפירט צוריק אהיימ דעמ פארמישפעטנ רעבזועהויפ.

פאַרבײַגעגאַנגענע איז שטום דער הויף, געקלאַפּט מיט די הילצערנע פּאָדעשוועס אָן ברוק און מוירעדיק געשווינג צו דער מויד. און אַז סאָנקע איז אַראָפּ צו זיי פון טראָטואַרל, קלוימערשט, פאַרוווּנדערט, וואָס זיי דערקענען זי ניט, האָט פּעטער איטשע פּלוצלונג אַ הויב געטאָן דעם פינצטערן פּאָנעם:

— אַנטיסעמיטקע, אַוועק פון אונדזער אָרנטלעכער מישפּאָכע!

— אַוועק, פאַרשאָלטענע מויד!

פון די ווײַבער האָט אַ באַס געטאָן מיט טויטע קלאָלעס. עס האָט אַ קער געטאָן באַם האַרץ. די מויד האָט זיך געשווינד אויסגעקערעוועט און פאַרשווּנדן הינטערן ראָג. זי איז האַסטיק אַוועק אין דער צווייטער גאַס, אַוועק עפּשער אַף אײביק פונעם רעבזעהויף. און עס האָט איר געקאָכט דאָס בלוט אַף דעם אומזיסטן לעבן, וואָס האָט זיבעציק לאַנגע יאָר געכליופּעט ווי אַ מוטנער וואַסערל הינטערן וואַנט.

זי האָט זיך אַפילע ניט אומגעקוקט.

---

## כאַים לאסקער

* * *

איך שרײַב. די ערשטע שורע כ׳שניצ,
נאָר פאר אויג—דײַנע ווערטער—קארבנ:
„דאָס, וואָס דארפ לעבנ אינ ליד,
מוז, ווי א מענטש פונ לעבנ שטארבנ״.

ווענ ס׳האקט אויס דעמ שטיינ דער שאכטיאָר,
אונ קוילט אימ אָפּ מיט דער ברוסט—
פונ איינ שטיק מיר האקנ די וואָר,
פונ דעמ צווייטנ מיר האקנ זײַנ ביוסט...

גרויסער פינפיאָר אפ לאנדס האָריזאָנט
שפאנט פעסט, ווי די גרויסע זונ.
נאָר מיר גיסנ אימ אויס שוינ אינ בראָנזו—
דעמ לעבעדיקנ—לעבעדיקנ רומ...

זײַנע העלדנ דארפנ וויסנ אפ לאנג
ניט נאָר טויט—ווענ זיי גייענ אינ שלאכט,—
ס׳איז די ליד ניט נאָר לעבנ־לאנג
א מאצייווע־שטיינ אפ א בארג...

איך שרײַב. די ערשטע שורע כ׳שניצ,
אינ מיר צעברענענ אלע געוועבנ—
דאָס, וואָס דארפ לעבנ אינ ליד
מוז ווי א מענטש אויכ לעבנ אינ לעבנ..!

* * *

איך שלאָפ ניט. איך זיצ אינ דער פינצטער, ווי צווישנ כמארעס.
איך פלי אפ א כמארע צו דיר, ווו דו וווינסט, ווו דו שלאָפסט...
איך האָב דיר אינ כאָלעמ געזענ: א גאָרטנ. איך פיר דיך געאָרעמט,
עס פאלט אפ אונדז ליכטיקע שײַנ. נאָר פארוואָס האָט א כאָלעמ א סאָפ?

איך האָב דיך געזען—א שאָטן פון דיר איז געפאלן,
דײַן קלייד האָט געפלאטערט מיט שווארצן, מיט בלענדיקן טוש.
דײַנע צעפּ האָבן הייסע געברענט מײַנע הענט ווי צוויי שטראלן,
דו האָסט זיך איבערגעבויגן און צארט מיר געקושט...

דו האָסט מיר געזאָגט: דער ווינט קלאפט אין טײַך ווי אין פענצטער.
א קנאָספּ אף א בוים ווערט איצט געבוירן אין ווינט...
דעם טרויער, וואָס נאָגט, פארטרײַבן פון דײַן הארצן, מײַן שענסטער
אונטער מײַן ברוסט איך וועל דיר נאָך טראָגן א קינד...

און טרערן ווי בלוט פון די אויגן גערונען,
די פרייד האָט צעריסן מײַן הארץ און איך האָב געוויינט...
דו האָסט זיך צעשמייכלט—ווי ווײַסע בלומען
האָבן אף מיר זיך געשאָטן דײַנע ליכטיקע ציין...

האָב איך מײַן קאָפּ צו דײַן ברוסט צוגעטוליעט,
דו האָסט אים גענומען. מיט די פינגער געשפּילט אין די האָר
און ס'האָבן דיביימער געוויגט זיך שלאנקע און שטילע...

— — — — — — — — — — — — — — — —

כ'האָב אופגעכאפּט זיך: פינצטער, און דו ביסט ניטאָ...

איך שלאָף ניט. איך ליג. אין פיבער ברענען די שלייפן.
דער אָטעם שטיקט. איך ליג ווי א פלאכטע. ס'איז הייס...
ס'איז שווינדזוכט—איך הוסט. מײַן ברוסט שמידן ווייען ווי רייפן.
ס'איז שווינדזוכט—נאָר איך וועל ניט אויסגיין אין ליכטיקן שווייס...

דײַן קערפּער איך זע—דײַן האלדז אין די לופטיקע קרעלן,—
דער שווינדזוכט גייט אָפּעט פון מיר, איך פיל כ'בין געזונט.
נאָר די וויפלטע נאכט—איך הער, ווי עס גייען די שטערן דורך סטעליע,
און איך רײַס זיך צו זיי און איך פאל אין א פינצטערן גרונט...

איך זינק. ס'איז ווײַט שוין פון מיר אף אזויפיל, ווי קיינמאָל, דער הימל,
מיך ציט אף אראָפּ. ס'איז שרעקלעך דער אָפּגרונט. כ'ווער בלינד;
מיטאמאָל—איך דערהער א קאָל אזא צארטער און דינער,
איך כאפּ זיך אוף און כ'דערקאָן—ס'איז דער רוף פון דײַן צוגעזאָגט קינד...

עליע שעכטמאַנ

# פּאַראַקערטע מעזשעס

(קאַפּיטלען פונ צווייטנ בוכ)

## I

דער כוטער האָט זיכ פאַרטאָג געבאָברעט ביז די קני אינ׳ שניי. פונ אונטערנ בערגל איז ארויסגעקראָכנ די שפּעט-הארבסטיקע פאַרוויאַנעטע זונ—זיכ צוגעזעצט אפנ נידעריק-אויסגעקרימטנ נאַקעטנ דעמב. די פעלדער האָבנ א בלענד געטאָנ מיט זילבערנער ליסקע. די פייגלענ אינ דעמבענעמ וואַלד האָבנ זיכ צעשריִענ, טשאַטעסוויַז זיכ אראָפּגעלאָזט נידעריק איבער דער ווײַסער ערד, געפּאַטשט מיט די פליגלענ איבערנ גינ-גאָלדענעמ קאַיאָר. באַטאָג האָט א ווייע געגעבנ פונעמ סטאַוו—שוואַרצ-געדיכטע כמארעס האָבנ זיכ, ווי קלינעס ארײַנגעשניטנ אינ ליכטיקנ הימל, די קורעפּאַטקעס האָבנ אויש מיט פישטשערײַ זיכ אוועקגעטראָגנ איבער די פעלדער. די אָקסנ האָבנ פאַרדרייט די ווײדלענ אפ די רוקנס. איבערנ כוטער האָט זיכ געקאַטשעט א כאַזײרימ-קוויטשערײַ, ס׳האָט א גאָס געטאָנ א קאַל-טער מיט שניי אויסגעמישטער, שווער-געדיכטער רעגנ. אויסגעלאָשנ דעמ טאָג. פונ די פעלדער, פונ וואַלד ארויס איבער די ראָוונ אונ וועגנ, האָבנ די וואַסערנ געקאָלאָקאָטשעט, ווי—די בושעלנ, צומ סטאַוו אראָפּ. די נידעריקע ווערבעס באַמ סטאַוו, זײַנענ געשטאַנענ ביז די העלדזער אינ וואַסער, זיכ געוואָרפנ, געפּאַטשט מיט די צווײַגנ, ווי דערשראָקענע, פאַרפלאָנטערטע פייגלענ. אפ די וועגנ ליידיק אונ שטיל. א פאַרטריבענער, אָפּגעפּאַרעטער הונט איז געשטאַנענ אינ וואַלד, אנ אויסגעווייקטער, מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ ווײדל, אונ גע-בילט—דער געוואָי איז אָפּגעלאָפנ מיט די וואַסערנ אינ סטאַוו ארײַנ...

שטיקער בײַכיקע פעלדער האָבנ צו פאַרנאַכט-צו זיכ געשוואַרצט צווישנ די טונקעלע ערשטע שנייענ. אפ א פאַרזשאַווערטנ טויער האָט א האָנ צעפּלאָכעט די פליגל אונ זיכ צעקרייט. פונעמ וואַלד האָט געטראָגנ מיט צעפּריִעטע דעמבענע בלעטער. פונ יענער זײַט סטאַוו האָט זיכ צעוואָרפנ א פײַער אינ הימל, ווי ס׳וואָלט זיכ דאָרטנ אָנגעכאַפּט א סקיר-דע היי. האָט א פלאַקער געטאָנ אינ הימל, אונ דער ארומ איז געבליבנ ליגנ א בלויער, ווי א מילצ. פונ די יאַרנ האָט א שפּאַר געגעבנ אזא ווינט, אזש די טאַפּליעמ אינ די כאַט-קעס האָבנ זיכ צעקלונגענ. איבער אלע וועגנ האָט זי זיכ געשלעפּט די נאַכט, צומ כוטער. דער וואַלד האָט זיכ צעוויגט. די יונגע ביימער אינ די סעדלעכ האָבנ זיכ צעפּישטשעט, ווי די נאַקעטע פייגעלעכ. ס׳האָט אָנגעהויבנ ווייענ. ס׳האָט געסמאַליעט א פראָסט—דער עמעסער ווינטער האָט זיכ פאָרט אינ כוטער ארײַנגעכאַפּט.

יוליע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר—די נאַכט האָט זי באַגעגנט אַפן שוועל מיט אַ צעהוליעטער זאַווערוכע. דער בוראַן האָט זי געוויגט, ווי דעם טאָפּאָל באַם אײַנגעבראָכענעם טויער. אַלע בלוטן האָבן אין איר געקאָכט. זי איז געבליבן שטיין באַם סעדלי איבערן וועג איז געלאָפן די זאַווייע מיט אַ פֿײַפערײַ. יוליע האָט געפּרוּווט זיך לאָזן מיטן וועג צו טאַדעושן, נאָר עפּעס האָט זי אַ טראָג געטאָן צוריק, ווי אַ שטיק פֿײַער האָט זיך דער ווינט אָוועקגעטראָגן צווישן די ביימער, אין ווּיטראַק אַרײַן.

... אַף דער לעזשאַנקע האָבן געטראַסקעט די לוטשינעס—דער פֿײַער האָט געטאַנצט איבער די טונקעלע שטוב־ווינקלען. יוליק איז געשטאַנען באַם פֿײַער. דער קאַעס האָט אין אים געזאָטן, ווי דער טשאַווונ־וואַסער אַף די ווײַס־צעגליטע קוילן. ער האָט אַרופגעוואָרפן דאָס פּעלצל אַף די אַקסל. אָנגערוקט די שפּיצעכיק־האָזענע היטל איבער די גרוי־וואַסערדיקע אויגן, און זיך אַ וואָרף געטאָן אינדרויסן אַרויס. אינמיטן הויף איז ער געבליבן שטיין. אַ שטעכיקער ווינט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין צעפלאַמטן פּאָנעם אַרײַן. יוליק האָט גערופן דעם הונט, אָבער דער הונט האָט זיך אין ערגעץ ניט אָפּגערופן.

— מיטן הונט אַוועק,—ער האָט זיך געלאָזט אין שטאַל אַרײַן,—ס'טראָגט זיך די בייזע רעגע... דער האָבער שטעכט איר... די מילך אַפילע ניט איבערגעזײַט, פאַרן אַרומשליאָנדרעווען מיטן אויסגעפּאַשעטן קנור, וועל איך איר די פּיס צעברעכן...—דער וואָרעמער הניי־טשאַד אין שטאַל, האָט אים אַביסל דעם קאָפּ פאַרדרייט. דער קאַשטאַנטשיק האָט צופרידן אַ הירזשע געטאָן, אויסגעדרייט צו יוליקן די מאָרדע, און מיט די ציינער אָנגעכאַפּט דעם אַרבל,—באַלד, באַלד,—האָט יוליק אַ פּאַטש געגעבן דעם פערד איבערן זאָד,—נאָכן אויסגעפּאַשעטן קנור לויפט זי... די בייזע רעגע...—ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן באַליק, אַרופגעקראָכן אַף די ווישקעס[1], אָנגעסמיקעט אַ בערעם היי. און פאַרוואָרפן דעם פערד אין לייטער אַרײַן,— נאַ פרעס. יוליק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד און אַ קוק געטאָן צו דער בעהיימע. די נעץ האָט איר געדרויכערט פון אונטערן בויך,—אַ סטערווע. דער קו אַפילע ניט אונטערגעשפּרייט... דער שטעקן וועט איר די בייזע רעגע פאַרטרײַבן—ער האָט אונטערגעשפּרייט דער בעהיימע אַביסל שטרוי, אַרויס פון שטאַל און פאַרטשעפּעט די טיר אַף דער קליאַמקע, יוליק איז געבליבן שטיין פאַרן אײַנגעבראָכענעם טויער. דער סאָד הינטערן שטוב האָט געקרעכצט, ווי אַ געווינערן. ער האָט זיך געשפּאַרט, יוליק, אַנטקעגן דער זאַווייע אין סעדל אַרײַן,—ס'זאָל כאָטש אַביימל ניט צעברעכן,—האָט ער געטראַכט.—ס'דרייט טשאָרטאָווי מאַטי... אַ גאַלעכ האָט זיך אין וואַלד אופגעהאַנגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קודלאַטער הונט האָט זיך אונטערן וואַלד אָפּגעשטעלט, זיך געפּלאָנטערט מיט אַ סקולערײַ פאַר יוליעס פיס, ווי ער וואָלט זי ווײַטער ניט געלאָזט גיין. יוליע האָט אים אָפּגעטריבן און איז אַרײַן אין וואַלד. דער הונט האָט לאַנג געוואָיעט, זיך אַ פּאָר מאָל אַ ריס געטאָן נאָך יוליען, און זיך אומגעקערט צוריק. אַן אײַנגעאַקשנטער, אַ פאַרווייעטער זיך פאַרקליבן אונטער פּראַנעק זיגערטס אַ סטירטע שטרוי, און זיך באַהאַלטן פון דער מעטעליצע. קיין פֿײַערל האָט זיך פונערגעץ ניט אַרויסגעשניטן. פון דער זאַווערוכע־פֿײַפערײַ האָט איר, יוליען, געקלונגען אין די אויערן. זי איז געבליבן שטיין פון יענער זײַט וואַלד, גיין אַרום־און אַרום צום ווינט־מיל איז געווען אומעגלעך—הורבעס שניי זײַנען געלאָפן

[1]) דער בוידעם ווו ס'ליגט היי.

איבער די פעלדער מיט אזא ברומערייַ, ווי א טיטשקע הונגעריקע וועלפ. די קויכעס האָבנ איר אָנגעהויבנ לאָזנ, ווי א פראָסט אפ דער זונ. יוליע האָט פארנומענ רעכטס—צום סטאווקיער טייַכ. דער בוראַנ האָט זי אומגעוואָרפנ, געקאטשעט אראָפצו בארג... נעבנ טייכ האָט זי זיכ לאַנג ארומגעדרייט ביז זי האָט געפונענ צווישנ די ווערבעס דאָס שיפל אונטערנ שניי. מיט אלע קויכעס האָט זי, יוליע, געדרייניקט דאָס שיפל. ווענ ס'איז שוינ געווענ ליידיק אונ גרייט אפנ טייַכ אראָפצוגיינ, האָט זי זיכ, יוליע, געכאפט: קיינ וועסלע איז ניטאָ! האָט זי ארופגעקלעטערט צוריק אפנ בארג, אונ פונעם ערשטנ פלויט אָפגעבראָכנ א שטיק ברעט.

דער טייַכ האָט געבריקעוועט, ווי א יונגער לאָשעק, ווענ מע וויל אים דאָס ערשטע מאָל שפאנענ. דאָס בלוט האָט איר, יוליענ, געשלאָגנ אינ פאָנעם אריַינ. דאָס שיפל האָט זיכ געטראָגנ אראָפ צו טייַכ. האָט זיכ יוליע קוים צום ברעג צוגעשלאָגנ. איבערשנייַדנדיק די טאָלנ, האָט זי זיכ, ווי אפ דער זאווערוכע געטראָגנ צום וויטראק. דאָס הארצ האָט זיכ געוואָרפנ, אזש א פייַער האָט איר געבריט אינ די שפיצ פינגער. פאָרזיכטיק האָט זיכ יוליע דורכגעשלייַכט פארבייַ דאָס היטער־שטיבל. דער נאכט־היטער—אלעקסיי דער קאנאוואל מיטנ בלינדנ אייגל, זאָל זי ניט באמערקנ אונ איבערנ דאָרפ מאָרגנ ניט צעקלינגענ. פאר א גרויסנ רעכילעס־טרייַבער האָט מענ אינ דאָרפ געהאלטנ אָט־אָ דעמ אלעקסייענ מיטנ בלינדנ אייגל. פאוואָליע האָט זי, יוליע, ארופגעקלעטערט אפ די פארווייעטע טרעפ, אָנגעקלאָפט מיט דער פוס... זי האָט א קלאָפ געטאָנ שטארקער... פלוצימ האָט איר האנט זיכ אָנגעשטויסנ אפ א גרויסנ שלאָס. זי איז געבליבנ שטיינ, יוליע, מיט אזא וויטעק, ווי עמיצער וואָלט איר ראפטאָמ אריַינגעשטאָכנ אינ הארצנ אנ אָנגעגליטנ שטיק אייַזנ. ס'זייַנענ מיטאמאָל ארופגעשווומענ אלע באליידיקונגענ אונ אוולעס, וואָס זי טראָגט פונ אימ... אלע צאָרעס, וואָס זי האָט איבער אימ אויסצושטיינ.

— אָ טאטוליו,— האָבנ זיכ איר די טרערנ א גאָס געטאָנ,— ער נארט מיכ שוינ אזויפיל מאָל... אזא פאָגאָדע. דער הונט האָט זיכ אומגעקערט... א קאדאָכעס אינ זייַנ מוטער, רוכעס פארשאָלטענע, פאסקודסטוועס...— איר האָט זיכ געוואָלט א לאָז געבנ צו די מילנערס, אויסזעצנ דאָרט אלע טאפליעס. נאָר זי האָט א זעצ געטאָנ, יוליע, מיטנ שטיוול אינ טיר אריַינ, אויסגעשפיגנ, אראָפגעלאָפנ פונ די מיל־טרעפ אונ מיט די פעלדער, צווישנ דער זאווערוכע, אוועקגעפלאָנטערט א צעוויטיקטע אהיימ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די טיר איז געווענ אָפנ. די לוטשינע האָט געטליִעט אפנ פריפעטשיק. יוליק איז געזעסנ אפ דער לעזשאנקע, די מילכ איז נאָכ געשטאנענ אינ מעלק־שעפל, ווי זי האָט איבערגעלאָזט. יוליע האָט א קוק געגעבנ אפ יוליקנ—זייַנע גרויע אויגנ האָבנ געגלאנצט, ווי פויל האָלצ אינדערפינצטער. זי האָט אפ גיכ אראָפגעוואָרפנ דעמ לייַביק, גענומענ די מילכ איבערזייַענ, אָבער יוליק האָט זיכ אפ איר אראָפגעלאָזט פונ דער לעזשאנקע, ווי א שפארבער אפ א הינדעלע, זי אייַנגעבויגנ ביז צו דער ערד, דערלאנגט עטלעכע סטוסאקעס אינ פלייצע אריַינ, אזש ס'האָט איר אָטעמ פארפעלט... די מילכ האָט א כליופע געטאָנ אפ די שטיוול. אינ כאטקע איז געוואָרנ נאָכ שטילער. אונטערנ אויוונ האָט געשפילט א גריל. ווייַסע קאליעזשקעלעכ מילכ זייַנענ געשטאנענ אינ דער צעגריבלטער ערד.

— זיכ ארומשליאָנדרעווענ מיט באלעגופישע זינדלעכ,— האָט יוליק זיכ אוועקגעזעצט צוריק אפ דער לעזשאנקע,— כ'וועל דיר דעמ אויסגעפאשעטנ ארויסשלאָגנ דורכ די זייַטנ... בייזע רעגע, דו, טשאָרטאָווי מאטי, א סוואט ביסטו מיט אָלעסנ? דייַנ טאטע האָט מיט ד

מילנערס אינײנעם כאזײרים געפּאשעט? סטערווע, דו, איצט וועל איכ אלצ טאַרעוּשנ דערציילנ. כ׳וועל עפענענ די כארפּע פאר מענטשנ...

— דערצייל, דערצייל,— איז זי מיטאמאָל אופגעשפרונגענ פונ דער ערד,— צי דענ האָב איכ זיכ עמיצנ פארקויפט?— טרערנ האָבנ איר געבליאסקעט אפ די וויִעס, ווי דער טוי אפ די פארטאָגיק זומערדיקע ביימער,— די מילנערס האָב איכ פײַנט ניט ווינציקער פאר דיר... הינטישע זינ זײַנענ זיי... אַלעס איז אזא יוכע, ווי זיי אלע...

— וואָס זשע לויפסטו נאָכ אים?

זי האָט גאָרניט געענטפערט, יוליע, זי האָט זיכ א וואָרפ געגעבנ אפנ קאסטנ, פארנורעט דעמ קאָפּ אינ פעלצ, אונ ארויסגעזוּעצט מיט א געוויינ.

---

די זאווייע האָט געבושעוועט. דער וואלד אפנ כוטער האָט זיכ אינ אלע זײַטנ געוואָרפנ— אָבער אומעטום האָט געוויכערט. די מעטעליצע האָט גערעוועט, געריסנ שטיקער דעכער, געבראָכנ פלויטנ, די כאטקעס האָבנ אזש געטרעשטשעט, אָנגעוואָרפנ א פאכער אפ די מענטשנ, אינ אנ אומעט זיי ארײַנגעוואָרפנ. ס׳האָט געדאכט, ס׳וועט גאָר קיינמאָל קיינ סאָפּ ניט געמענ צו די כווישעכדיקע טעג אונ צו די צעהוליעטע נעכט. איינ כאטקע האָט די צווייטע ניט געזענ. פונ פראָסט האָבנ טאפליעס געפלאצט. ס׳איז שוינ קימאט ניט געווענ קיינ איינ שטיבל, אז די פענצטער זאָלנ מיט שמאטקעס ניט זײַנ פארשטעקט. די וועלט איז ווי אָפּגעשטאָרבנ, די הענער האָבנ אפילע ניט געקרייט אפ די נאסידעלעס. דער קודלאטער איז דרײַ מעסלעס געלעגנ אינ פראנעק זיגערטס סטירטע, געסקוליעט פונ הונגער, נאָר זיכ פונ דער נאָרע ניט ארויסגערוקט. סאָפּקאָלסאָפּ האָט אָנגעהויבנ שטילנ. באנאכט האָט די זאווערוכע נאָכ געריטשעט, זיכ געשלאָגנ אינ די ווענט. צו פארטאָג־צו איז זי שוינ, די זאווייע, געלעגנ, ווי א געקוילעטער אָקס.

אונ דער טאָג איז אופגעגאנגענ איבער די שנייענ, א קרעפּטיק-ליכטיקער, מיט א קאלטער אויסגעשײַערטער זונ. דער שניי האָט זיכ איבערגעגאָסנ. געמינעט אינ די אויגנ. א טשאטע פייגלענ האָבנ זיכ ווידער פונעמ וואלד ארויסגעריסנ, מיט א פריידיקנ געפילדער זיכ געטראָגנ איבער דער ווײַסער ערד. יוליע האָט מיט דער לאָפּעטע פאנאנדערגעוואָרפנ דעמ שניי. געפירט סטעזשקעס צומ טויער, צו דער שאפע. זיכ אזוי צעווארעמט, אזש דעמ לײַביק ארויסגעוואָרפנ. די פאטשיילע איבערגעבונדנ מיט די שפיצנ אפ ארונטער, ווי אינמיטנ זומער. דער שניי־שטויב האָט געפינקלט אפ דער זונ, וואָס איז ארומגעקראָכנ איבערנ פאַרווייטנ כוטער, געדרויכערט יוליענ אינ פּאָנעמ ארײַנ, וואָס איז געווענ רויט, ווי א בורעק. זי האָט געארבעט שטיל, רויִק. דער קודלאטער איז אינ הויפ ארײַנגעשפרונגענ. דער הונט האָט זיכ מיט א בילערײַ א וואָרפ געטאָנ צו איר, מיטנ צונג איר אָנגעהויבנ צו לעקנ דעמ צעכראסטעטנ האלדז. יוליע האָט אים אָפּגעוואָרפנ פונ זיכ, אונ א זעצ געגעבנ מיט דער לאָפּעטע. דער קודלאטער האָט זיכ אָפּגעטראָגנ מיט א סקולערײַ. זי האָט אָנגעהויבנ ארבעטנ גיכער. אָנגענומענ אזויפיל שניי, אזש די לאָפּאטע האָט געקרעכצעט. די הענט האָבנ איר געפײַערט, ווי די זשאראָווליעס. זי האָט זיי געמוזט אזש אינ שניי ארײַנשטעקנ אפ אָפּצוקילנ...

— הינטישער זונ,— האָט זי געשאָלטנ,— צו די שטיוול וועל איכ דיר ניט פאלנ... פעלסט מיר ווי דער פאראיאָריקער שניי...

אָבער אַלעס איז פלוצים ווי פונ שנײ ארויסגעקראָכנ. ער איז ארײַנ אינ הויפ. שעלמיש צו איר א וונק געטאָנ מיט די גרויסע שווארצע קוקערס. ס'האָט איר אזש פונעם קוק א ברי געטאָנ אונטערנ העמד. אונטער דער קאראקולנער גרויער היטל, האָט זיך געוויגט זײַנ בלאָנדע טשופרינע. ס'איז איר געוואָרנ ענג אינ הארצנ, אונ זי האָט זיך געלאָזט אינ שטוב ארײַנ.

ווהינ אנטלויפסטו,— האָט אַלעס געפרעגט. ער האָט זי אָנגעיאָגט אינ פעדער־שטיבל אונ זי צוגעשפארט צו דער וואנט,—כ'וועל דיר דערקלערנ...

— לאָז אָפּ,— האָט זיך יוליע געשלאָגנ אינ זײַנע הענט, ווי א געבונדענע הונ,— לאָז אָפּ!—מיטאמאָל האָט זי אים אזא שפאר געגעבנ, אז ער איז צוגעפאלנ צו דער אנטקעגנדיקער וואנט.— נאָך וואָס ביסטו געקומענ? אפנ דאָרפ זײַנענ פאראנ אסאך ספּאָדניצעס... וואָס דארפסטו דאָ, גײ צו האנקענ...

יוליקנ דארפ איך,— איז ער ארויס צוריק אינדרויסנ,—מאָרגנ דרעשנ מיר... אפ דרײַ טעג...

— איינ מענטשנ נאָר דארפט איר?— האָט זי מיט אים אָנגעהויבנ זאכלעך ריידנ,— איך קאָנ אויך גײנ... קיינ סאך ארבעט אינ שטוב איז ניטאָ, מיכײַלעס וואָל וועל איך נאָך אויסשפינענ... פארדינענ דארפ מענ, מ'דארפ אריבערשלעפנ אזא! גרויסנ ווינטער. ס'איז מיר אלציינס ווו צו ארבעטנ...

— וואָס,— האָט אַלעס מיט א פארביסענעם שמייכעלע געפרעגט,— פונ די קאָמנעזאמאָוסקע סכאָדנ קאָנ מענ ניט זאט זײַנ?

— דאָס וועסטו בא טאדעושנ פרעגנ,—האָט זי אָפּגעשניטנ,— פאר א לאסקע נעמט איר אפ ארבעט? מע ווייסט... מיר וועלנ קומענ מאָרגנ...— אונ זי איז אוועק אינ שטוב ארײַנ צוגרייטנ אָנבײַסנ פאר יוליקנ, וואָס האָט זיך געפּאָרעט הינטערנ שטוב אינ סעדל, בא דער איבערגעבראָכענער בוים.

---

אפ דער מעזשע, צווישנ יוליקס אונ אנדריי דעם ווײַסנס סעדל איז געשטאנענ א געזעצטע ליפּע, אסאך יאָרנ שטייט זי שוינ, די בוים. ביידע סעדלעך האָבנ זי, די ליפּעבוים, צו זיך פארעכנט. נאָך דער זאווערוכע איז די ליפּע געלעגנ מיטנ קאָפּ אינ שנײ, די פארשנייטע צווײַגלעך האָבנ זיך געוויגט אפנ ווינט, ווי פעדערנ פונ א געקוילעטער גאנדז. אנדריי דער ווײַסער איז ארויס מיט דער האק אונ זיך געלאָזט צו דער בוים. יוליק איז אים דעם וועג פארלאָפּנ:

— איר וועט ניט האקנ... ס'איז מײַנס!

— ס'האָט זיך דיר געכאָלעמט, שפּײַ דרײַ מאָל אויס...

— כ'וועל מײַנס קיינעם ניט אָפּטרעטנ!

— מע נעמט בא דיר ניט, טשעפּע ניט יענעמס, דיוויס...

יוליק האָט זיך אָנגעצונדנ. ער האָט גוט געוווּסט, אז די בוים איז זײַנע. ער איז גרייט געווענ זיך אײַנבײַסנ אינ איר מיט די ציינ. אנדריי האָט געהאקט. יעדע צווײַג, וואָס איז אָפּגעפאלנ, איז ווי מע וואָלט אים, יוליקנ, אָפּגעהאקט א פינגער. פאראיאָרנ איז מענ אינ שטוב געפרוירנ. ער איז ארומגעגאנגענ, יוליק, מיטנ פעלצ אינ שטוב, אונ געזשאלעוועט אָפּהאקנ א צווײַג פונ דער ליפּע. יוליק האָט ליב געהאט די בוים פאר איר צוויט אינ מיטנ זומער. די בינענ פונ זײַנ איינציקנ בינשטאָק, פלעגנ זויגנ דעם זאפט, אונ אים אויך שענקענ א פּאָר פונט סטעלניק אפ ווינטער. יוליק האָט זיך שוינ א וואָרפ געגעבנ צו

אנדרייענ, אָבער זיכ טייקעפ פארהאלטנ. פארוקט אפ גיכ די צונויפגעדריקטע פויסטנ אינ די ארבל ארײַנ אונ איז אוועק אינ שטוב.

— ברענט ער מיט דעמ בוימ...—האָט יוליק געזאָגט צו דער שוועסטער, ווי צווישנ זיי איז גאָרניט פאָרגעקומענ,—ניט שיינ זיכ הארגענענ איבער א האָליאקע... די מילנערס מיט די זיגערטס ווארטנ נאָר דערופ, די האָלאָדראנצעס זאָלנ זיכ דערענ צווישנ זיכ...

— אָלעס איז דאָ געווענ...—האָט יוליע געזאָגט איר, אונ דאָס בלוט האָט איר א שלאָג געטאָנ אינ פּאָנעמ ארײַנ,—מאָרגנ הייבט מענ אָנ דרעשנ בא זיי... מ'דארפ גיינ פארדינענ.

— מיר וועלנ מיסטאָמע פאָרנ מאָרגנ אינ וואלד ארײַנ, טאדעוש האָט שוינ א פאפירל פונעמ איספּאָלקאָמ...—יוליק האָט זיכ אוועקגעזעצט צו דער שיסל קארטאָפליעס, פונ וועלכער ס'האָט געשלאָגנ א געדיכטע פארע,—מ'האָט אימ געגעבנ געלט אויכ... איצט וועט מענ שוינ אופשטעלנ די שקאָלע...

— נעכײַ,—האָט יוליע זיכ אוועקגעזעצט אנטקעגנ אימ אונ די הענט האָבנ איר געציטערט,—נעכײַ, מיר איז ארבעטנ אפ דער שקאָלע ליבער, ווי בא די מילנערס...

## II

נאָכ דער זיצונג פונ ז'אָרפּראט, האָבנ זיכ אפנ שליאכ פארהאלטנ ראָמאנ, יוליק, טראָכימ, טאדעוש אונ האָראסימ. סטעזשקעס האָבנ זיכ שוינ געפלאָכטנ פונ איינ כאטע צו דער צווייטער. די זשוראווליעס סקריפּענ איבערנ דאָרפ. קינדער ווארפנ זיכ מיט שניי, פילנ אָנ דעמ טאָג מיט א ריינער פרייד. די כודאָבע בא די שטאלנ ווארעמענ זיכ אפ דער זונ, מאלעגיירנ מיט צוגעזשמורעטע אויגנ. אינ לופטנ שמעקט מיט קאָנאָפליע־אייל אונ מיט מאקוכע. פונעמ יונגנ, נאָכ ניט אײַנגעריבענעמ שליאכ רויכערנ פרישע פערדישע קיזיקעס.

— ביז מאָרגנ וועט זיכ אײַנרײַבנ א וועג,—האָט טאדעוש געשמייכלט אונ גענומענ פארדרייענ א ציגאר מאכאָרקע,—ווענ די הענער וועלנ א זינג טאָנ, דארפ מענ שוינ זײַנ אָט דאָ... אָט לויפנ זיי ארומ די האָלאָפופעס,—האָט ער צוגערויכערט בא ראָמאנענ,—קאטשענ זיכ אינ שניי, ווי דער בוריאנ וואקסנ זיי... אונ דער הייליקער פאָטער לערנט זיי גיינ אינ גאָטס וועג... צופיל האָט ער אָנגעהויבנ דער הייליקער פאָטער צו פראווענ אינ קלויסטער...

— צומ באטיושקע טשעפע זיכ ניט טאדעוש,—האָט זיכ האָראסימ איבערגעציילעמט,— ער פילט אויס גאָטס שליכעס, ער לערנט דעמ מענטשנ גערעכטיקײַט, מ'זאָל עלטערע קאָוועד אָפּגעבנ...

— אונ פאר רײַכע זאָל מענ דעמ וועג אָפּטרעטנ,—האָט זיכ יוליק צעלאכט,—ער אי א גוטער פאסטעכ בא די כאזײַענעס.

— איכ בינ דענ דער רײַכער?—איז האָראסימ אינקאעס געוואָרנ,—נו, א באלעבאָס בינ איכ... אונ איכ גלויב אינ גאָט אונ אינ זײַנ שאָליעכ... א קאטאָליקער ביסטו, גלויבסטו ניט אינ אונדזער פאָטער. אפ דײַנ קסיאָנדז רעדסטו ניט אזוי...

כ'קענ אײַכ, פעטער האָראסימ, אוועקשענקענ מײַנ קסיאָנדז, ער פעלט מיר, ווי א טויט די קאדילע... כ'האָב פאראיאָרנ מײַנ פאסכע ניט געפירט הייליקנ צומ קסיאָנדז, אונ כ'בינ ניט דערוואָרגנ געוואָרנ!

— זאָל דיר, יוליק, גאָט מויכל זײַנ,—האָט האָראסימ געשאָקלט מיטנ קאָפּ,—פארבלײַבט געזונט, מיטנ קאיאָר וועל איכ ארויספאָרנ, כ'גיי דעמ שליטנ צופירנ אונ אויסטעסנ א רוטשיצע.

ס'איז אָנגעגאַנגען אַלעקסיי דער קאָנאָוואַל. געפּינטלט מיטן בלינדן אייגל, און אָנגעהויבן דערציילן:

— בא די זיגערטס האָט זיך א בעהיימע מיט א קאַרטאָפליע שיר ניט דערוואָרגן... ווען ער רופט מיך ניט באַצייטנס, וואָלט איר פליאַקע שוין לאַנג פאַר די הינט געלעגן,— ער האָט זיך אַלעקסיי, א הוידע געטאָן, און זיך אָנגעשפּאַרט אַפן שטעקן,—אַביסל מעל האָבן זיי מיר געגעבן, א גוטן טרונק בראַנפן...—ער האָט פאַרוויכערט די ליולקע און אָנגענומען טאַדעושן פאַר דער האַנט,—נו, נו, בייזער זיך ניט, א פאַרובאָק ביסטו א ווילער, איך האָב דיך ליב... און די פּראַנטשיכע האָט זיך צעשלאָגן מיט דער שנור פאַר די שליסלען פון קאַמער... זי שרייט, די פראַנטשיכע, אַז ביז פראַנעק וועט קומען, איז זי די באַלעבאָסטע... אָבער צען יאָר איז איר לאַנג צו וואַרטן, די יונגע וועלן איר אונטערבערעכן די פליגל, ביז די זון וועט אופגיין, וועט די ראָסע די אויגן צעפרעסן...

— וואָס נאָך ווייסטו, אַלטער, האָט טאַדעוש אים אונטערגעהאַלטן, ער זאָל ניט פאַלן,—עפּעס זעט מען דיך ניט.

— ווער ס'דאַרף, זעט מיך, און וועמען איך דאַרף, זע איך... און בא דער אָרעליכע איז אויך פריילעך. דער בורער האָט איר דערלאַנגט מיט דער פוס אין בויך אַריין... זי האָט אַפן אָרט אָפּגעוואָרפן ווי גאָטס ציילעם איז אָפּ מיר, אַפן אָרט אָפּגעוואָרפן...

— שוין אַלץ? האָט טאַדעוש געפרעגט,— איצט גיי, זיידע, שלאָף זיך אויס, קום, כ'וועל דיך אַביסל אונטערפירן, איך גיי צו אוראָמען... יוליק, האָסט א ווילן צוגיין צו לייבקען?

— מיט כיישעק אַפילע...

---

פון אונטער די קאָפּיטעס זיינען געפלויגן שטיקער שניי.— די ווייסע גריווע איז געפלויגן אַפן ווינט—דער בורער האָט זיך געטראָגן מיט א הירזשערייַ איבערן וועג. בענציע איז געפאָרן נאָכן דאָקטער. ער איז געזעסן אינעם גרינעם שליטעלע אָפּ א קול שטרוי, די פיס איינגעוויקלט אין א פאַרביקן קילעם. געקלאַפּט מיטן בייטש־שטעקל איבערן „פעדעראָק״ און אונטערגעפייפט.

— טש־ש־ש,— האָט ער מיטאַמאָל צוגויפגענומען די ווישקעס, אַזש דער פערד האָט פאַריסן דעם קאָפּ אינדערהויך,— וואָס טראָגט דיך אַזוי?... מירן באַוויַזן. געגוג אָפּ זיי געהאָרעוועט, געפּאַטערט די יאָרן אָפּ זיי... שוין צייט ווערן מיט מענטשן גלייַך...—ס'האָט זיך אים אָבער, בענציען, געדאַכט, אַז פאַר אַריען האָט ער מוירע צו טרייבן דעם פערד, האָט ער א שמיר געטאָן דעם בורן אונטערן בויך,— וויאָ, דאַרמאָיעד, אָט אַזוי... אויס בענטשיק, ניטאָ שוין בענטשיק דער ליוועראַנטל, דער סאַמאָהאָנטשיק... מ'עט מיך נאָך גיך אָנהויבן רופן „רעב בענציע״... איך פאַרמאָג, אַדאַנק גאָט, א קאָפּ ניט ערגער פאַר אַריען.

אונטערן גרויסן וואַלד איז שוין דער בורער געווען פּיטש נאַס. פון מויל האָט געשלאָגן א פּענע. די שלייע האָט זיך געוויַיקט, ווי אין זייף. בענציע האָט געלאָזט דעם פערד גיין פוס־טריט. ער האָט זיך איינגענורעט שטייפער אין פוטערל, פאַרדרייט א ציגאַרטוטין און געטייַנעט צו זיך אָפּ א קאָל:

— מ'דאַרף כאַסענע האָבן, מ'דאַרף זיך צוקליידן. א ברודער איז ער מיר געווען? נאָכן טאַטנס טויט אַלץ אַוועקגעזשעברעוועט, די מאַמע האָט ער מיר איבערגעלאָזט... אַז ער וועט זיך אין די צען יאָר אַרום אומקערן, וועל איך אים מיטהעלפן ווערן צוריק א מענטש... איך וועל אים באַווייַזן אַריען, וויִאַזוי מע דאַרף מיטהעלפן א ברודער...

בענציע האָט דערלאַנגט דעמ בורנ איבערנ זאָד. דער פערד האָט זיכ אויסגעצויגנ. א ריס געגעבנ דעמ שליטנ אזוי, אז בענציע האָט געכאַפּט א זעצ אינ רוקנ ארײַנ. ער איז געבליבנ ליגנ, בענציע, אפ דער זײַט, זיכ צוגעהערט, ווי באַמ פערד קלאַפּטענ זיכ די געדערימ אינ בויכ, אונ געטראַכט „קיינ בעסערס פונ מינענ וועל איכ ניט קריגנ... זי וועט זײַנ א געזונטע ווײַב״... ער איז געלעגנ מיט צוגעמאַכטע אויגנ אונ געשמייכלט. דער טאָג האָט זיכ דערווײַל אויסגעלאָשנ. דער פראָסט האָט זיכ צעברענט. די פעלדער האָבנ זיכ געוויקלט אינ א טונקעלער בלויקײַט. ערגעצ באַמ זײַט וועג, האָט דער מוילער זיכ געפּאָרעט אפ א פארשנייטנ דאַכ, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ, דער מוילעד, דאָרטנ אונטערנעכטיקנ.

אינ די מײַדענעס האָט אימ אָפּגעשטעלט סראָעל. ער איז פונ ערגעצ בעגאַנגענ, דער מײַדענער, מיט א סוקעוואַטנ שטעקנ, אינ א גרויסנ פעלצ, מיט א שאָפּענער היטל איבער די אויערנ.

— ווהינ,— האָט דער מײַדענער דערלאַנגט בענציענ די האַנט.— ווהינ איז אפ נאַכט?

— נאָכנ דאָקטער...

— וואָסי דענ,—האָט זיכ סראָעל מײַדאַנער א כאַפּ געטאָנ,— עפּעס געשענ?

— מיט פראַדלענ. דער פערד האָט איר דערלאַנגט אינ בויכ ארײַנ,—האָט בענציע שווער געזיפצט,— אז אומעטומ וויל זי אליינ... פארגלויבט ניט די טריט... האָט זי נעבעכ מאַפּל געווענ... איכ זאָג אײַכ, רעב סרולעל, פונ די צאָרעס פלאָנטער איכ שוינ קוימ מיט די פיס..

— א כידעש אביסל... אוווא, אוווא,—האָט סראָעל מײַדענער גענומענ גלעטנ פארטראַכטערהייט די באָרד,—גוט, וואָס כ'האָב דיכ באַגעגענט. כ'פאָר שוינ אהינ...—אונ ער איז אוועקגעלאָפנ אהיימ.

— נעכע,— איז סראָעל ארײַנגעפאַלנ אינ שטוב א פארסאָפּעטער,— הייס שפּאַנענ! איכ פאָר צו פראַדלענ. דער פערד האָט זי צעמאַזיקט, גאָט ווייסט וואָס ס'קאָנ ארויסקומענ פונ דעמ... איכ האָב מיט איר אסאַכ כעשבוינעס. מ'דאַרפ לויפנ ראַטעווענ דאָס געלט...

---

סראָעל מײַדענער איז געזעסנ באַמ פענצטער, געקלאַפּט מיט די פינגער איבער די קני, אונטערגעהויקעט אונ געשאָקלט מיט קאָפּ. זיכ אלעמאָל אופגעהייבנ, געביסנ די נעגל אונ געקרעכצט „אײַ, אײַ, טאַטע זיסער, א מענטש איז געגליכנ צו א פארטריקנטער קווייט... צו א צעבראָכענעמ טאָפּ״... ער, סראָעל מײַדענער, דער ייִד מיט דער שיינער שווארצער באָרד, וואָס דאַוונט אינ צוויי פּאָר טפילנ, האָט געזוכט ערגעצ אינ מויעכ א פּאָסעק אינ דער טוירע, אז מע מעג אינ אזא פאַל נעמענ די ביכער, אויספירנ די כעשבוינעס אונ פאָדערנ באַמ כוילע א וועקסעלע... ער איז אומגעלאָפנ, דער מײַדאַנער, געריבנ דעמ הייכנ, געקנייטשטנ שטערנ, די שווארצע, טאָמעד־פײַכטלעכע אויגנ האָבנ זיכ געזשמורעט אונטער די שווארצ־געדיכטע ברעמענ, ביז ער האָט געפונענ. „פאַראַנ,— האָט ער געגלעט די באָרד.—פאראַנ, בעפיירעש פאראַנ, א בעפיירעשער דינ... אזוי ווי מע טאָר יענעמ קיינ שאָדנ ניט טאָנ, אזוי טאָר מענ זיכ קיינ שאָדנ ניט טאָנ. אזוי ווי א מענטש טאָר זיכ ניט מאַכנ קיינ פעלער אינ אויג אָדער אינ דער האַנט, אזוי טאָר ער ניט ווארפנ קיינ געלט אפנ ווינט... אלקאָלפּאָנעמ,—האָט זיכ סראָעל מײַדענער ארײַנגעזעצט אינעמ ווייכנ שטול,— כ'וועל נאָכ צוווארטנ ביז דער רויפע וועט קומענ, עפּשער וועט איר אביסל איבערנעמענ״..

אינ שטוב—אנ איבערקערעניש. דער לאָמפּ ברענט פונ יענער זײַט שאַפע. פראַדל קרעכצט מיט די לעצטע קויכעס. אינ פלאַקערדיקנ אויוונ זידנ טשאַוונעס וואַסער. א גע־

דיכטע לופט, ווי פון אויסגעקראָכענער פעל העננט איבערן שטוב. די אַלטע ביילע זיצט נעבן פּראַדלען, טאַפּט איר מיט איין האַנט דעם נאַקעטן בלוי־אויפגעלאָפענעם בויך, מיט דער צווייטער פּאָרעט זיך די אַלטע אין פּראַדלס קליידלעך, נישטערט מיט די פינגער... ס'האָבן זיך בא איר פּלוצים אָנגעצונדן די פאַרזשאַווערטע אויגן. די גרין־אָדערדיקע לאַנגע פינגער האָבן אָנגעהויבן טאַנצן אויפן בלוי־אויפגעלאָפענעם בויך. זי האָט אָנגעטאַפּט, די אַלטע ביילע, עפּעס א קניפּל... האָט זי זיך פאַר דער שרעק איבערגעבויגן איבער פּראַדלען, צוגעפאַלן צו איר אָנגעגליטן לײַב און זיך צעכליפּעט:

— גלײַכער וואָלט מיך דער אומגליק געטראָפן,—און אונטן אַרום אַרײַנגערוקט אין בוזים דאָס האַרטע קניפּל,—אוי, גאָטעניו, כײַ וואָלט עס מיך געווען טרעפן...

זי איז געלעגן, פּראַדל, א פאַרטראָגענע. די אויגן זײַנען איר געווען פאַרגאָסן, ווי זי וואָלט זיך אָנגעהויבן אליין צו באַוויינען. אַלע אייוורים זײַנען איר געווען איבעריק, שווער, זי האָט שוין עטלעכע מאָל געבעטן, פּראַדל, מ'זאָל איר פאַרשטעקן מיט עפּעס די נאָז, זי זאָל אַזוי ניט פּײַפן... אָדער מ'זאָל די נאָז אינגאַנצן פון איר צונעמען... סינע איז געשטאַנען נעבן איר מיט צענומענע הענט, ניט געוווסט וואָס צו טאָן. די אַלטע ביילע האָט זיך שוין אַרומגעשלעפּט נעבן אויוון, געהוסט, און אַלעמאָל געשפּיגן אין פּושקעלע אַרײַן. די פראַנטשיכע איז א פּאָר מאָל אַרײַן און איז אַרויס צוריק. סראָעל מײַדענער האָט זיך פאַרוקט אין פינצטערן ווינקל און געדאַווענט מײַרעוו.

דער דאָקטער איז אָנגעקומען. א הויכער איז ער, א דאַרער. א שפּיצעכיק בערדל, מיט גאָלדענע ברילן. ער האָט פריִער אַלץ באַקוקט אַרום זיך, ווי מע וואָלט אים גערופן באַטראַכטן די שטוב. דערנאָך האָט ער פאַוואָלינקע אַרויסגעשלעפּט פון זײַט קעשענע דאָס טרײַבל, מיט א פינגער צוגערופן סינען און איר אָנגעוויזן אַף סראָעל מײַדענער, וואָס איז געזעסן אין ווינקל:

— זאָל ער אַרויסגיין... זאָגן דאַרף מען נאָך?

בענציע האָט דערווײַל אַרויסגעשפּאַנט דעם בורן. דער מײַדענער האָט זיך איבערן הויף אַרומגעדרייט. די נאַכט א פּראָסטיקע, א שטילע. אַפן וועגל ברענען די שפּיץ טאָפּאָלן. איבערן סאָד שטייט דער מוילעד. אין סטײַנע טופּען פערד. סטעפּאַנס קאָל טראָגט זיך פון שטאַל אַרויס—א הילכיק־קלינגענדיקער קאָל. איבערן כוטער בילן די הינט. דער מײַדענער האָט אַרומגענומען מיט זײַנע פײַכטלעכע אויגן די פאַרפרוירענע פעלדער, און געטראַכט „מ'דאַרף פונדעסטוועגן מיט בענציען זיך דורכריידן". ער האָט זיך אויסגעדרייט צו בענציעס זײַט, נאָר זיך באַלד אָפּגעשטעלט „ער וועט נאָך מער פאַרײַסן די נאָז" און דער מײַדענער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער סטײַנע:

— אגוט אָוונט!

— זאָל גאָט געבן,—האָט סטעפּאַנס קאָל אָפּגעהילכט צווישן די פערד.

— וואָס זאָגט איר, פּאַני זיגערט, אַף ערעליכעס אומגליק?

— גאָטס שטראָף איז געפאַלן אַף אונדזער שטוב,—האָט דער יונגער זיגערט אויסגעווישט די נאַסע הענט פון דער סיטשקע, אין דער בולאַנער שקאַפע,—אָבער די ערעליכע איז אַליין שולדיק... מ'דאַרף ניט קריכן, פּאַני סרול, דעם פערד אונטער די פיס, אַף א פערד דאַרף מען רײַטן, פּאַני סרול, און אכטונג געבן, „ער זאָל דיר ניט אַראָפּוואַרפן... מײַן טאַטע מיט ערעלן זײַנען אויך געקראָכן דעם פערד אונטער די קאָפּיטעס...

— א שווערע צײַט, פּאַני זיגערט,— האָט דער מײַדענער געזיפצט,— די ציינער קרישן זיך אַזש...

— פארדארטן ברויט צעווייקט מען, און אײַזן צעשמעלצט מען,— איז סטעפאן ארויס פון שטאל און אָפּגעטרייסלט דעם ראָמאנאָווו שווארצן פעלץ,— דאָס לעבן, פאני סרול, בריט ווי קראָפּיווע, טאָר מען עס מיט הוילע הענט ניט טשעפּען. נו, זײַט מיר געזונט,— האָט ער דערלאנגט סרוגלן א ווארעמע האנט, מ'דארף צולויפן צו יאנקען...— באם טויער האָט זיך סטעפאן זיגערט אָפּגעשטעלט,— פאני סרול, כאפּט זיך צו מיר אָט די טעג ארײַן

ער האָט זיך ארומגעדרייט, סראָעל מײַדענער, אונטער די פענצטער, וואָס גייען ארויס אין הויף ארײַן, אריבערגעקראָכן דעם פּלויט, זיך געשארט פארבײַ די פענצטער, וואָס קוקן אין פארשנייטן סאָד. דורך די פארקאָוועטע פענצטער האָט ער אָבער גאָרניט געזען. פראָלס גוואלדן האָבן זיך געריסן דורך די טאפּליעס, אין דער ליכטיקער נאכט ארײַן. דער מײַדענער האָט געביסן די שפּיץ פאַרפרוירענע באָרד:

— ער וועט אמאָל ארויס פון דאָרטן, אָט דער־אָ דאָקטער?

פון יענער זײַט סאָד, אין יוליקס הויפל, האָט געבילט דער קודלאטער. איבערן וועג, וואָס גייט פון דעמבעווע וואלד, האָט זיך צום זילבערנעם מוילער געטראָגן, א הארמאָשקע־שפּילערײַ— צו יוליקן זײַנען געגאנגען די כעוורע. טאדעוש האָט געשפּילט אף דער הארמאָשקע און געזונגען:

שטערן מײַנער, אָוונטיקער
אפן בארג גיי אופעט ווידער,
קום ארויסעט ליבע מײַנע
זינגען מיט מיר לידער.

מיכײַלאָ טאָדאָסקעס נײַמיט־ פעטראָ, האָט צוגעטאנצט. יאנקאָ דעם מילנערס ניימיטשקע— אנטאָנינא, האָט אונטערגעהאלטן:

קום ארויסעט ליבע מײַנע
זינגען מיט מיר לידער...

— האָלישעס,— איז סראָעל מײַדענער ארײַן צוריק אין הויף, קעדיי זיך ניט צו באגעגענען מיט טאדעושן,— קאָפּ־ווייכעק גייט זיי אָפּ!

— וואָס דרייט איר זיך ארום, רעב סרועל, האָט אים בענציע אָפּגעשטעלט,— אין אזא פראָסט...

— כ'וויל שוין הערן די גוטע יעדיִעס פונעם דאָקטער,— האָט סראָעל מײַדענער געטאנצט ארום שליטן,— ווי פאָרט מען עס אוועק, אז דער דאָקטער איז אין שטוב?

בענציע האָט גאָרניט געענטפערט. גענומען דעם עמער אין שטאל, און אוועקגעפירט דעם בורן אָנפּאָיען צו דער קרעניצע. „א סטערווישער ייִד,— האָט בענציע ארויסגעלאָזט דעם עמער אין ברונעם ארײַן,— צוליבן דאָקטער שטייט ער דאָ"... פּלוצים האָט בענציע דערזען, ווי פון יענער זײַט קלוניע, אונטער דער סטירטע היי, וויגט זיך איבערן שנײ א מענטשלעכער שאָטן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם עמער וואסער אין קרעניצע, צוגעבונדן דעם פערד צו דער אָליכע, וואָס שטייט באם ברונעם, און שטילערהייט, אונטן ארום, ווי א קאץ זיך א וואָרף געטאָן. אים האָט זיך געדוכט, עמעצער ליבט זיך דאָרטן אין דער סטירטע... אָבער ווען ער האָט א קוק געגעבן, איז ער, ווי פארשטיינערט געוואָרן: די מאמע זײַנע, די אלטע ביילע איז געזעסן פארנורעט אין שטרוי, און אנטקעגן דער לעוואָנע געציילט גאָלדענע פינפערלעך... די אלטע האָט עפּעס דערפילט אונטער די פלייצעס, האָט זי אף גיך צונויפגעדרייט דאָס טיכעלע, ארײַנגעשטופּט אין בוזעם ארײַן,

א הוסט געגעבנ, ווי עמיצער וואָלט דאָ אָפּגעטאָנ אונטער דער סטירטע א באַדערפעניש...
אָבער בענציע איז שוינ געשטאַנענ נעבנ איר אפּ די קני.

— ווײַז אהער דאָס געלט!
— וואָסער געלט,—האָט די אלטע געציטערט,—גיי אוועק!
— אלטע מאַכשייפע...—האָט ער געשיפּעט,—גיב גיכער, מ׳וועט אָנגיינ...
— כ׳וועל שרײַענ... גיי אוועק... א מאַמענ...

אָבער בענציע האָט זי אַרײַנגעשפּאַרט טיפער אינ דער סטירטע, איר פאַרשטאָפּט מיט א האַנט דאָס מויל, אונ אַרויסגענומענ פונעמ בוזעמ דאָס טיכעלע. די אלטע איז געבליבנ זיצנ מיט אויסגעגלאָצטע אויגנ, געקוקט, ווי בענציע ציילט איבער נאָכאַמאָל די פינפער־לעכ, ווי ס׳וואָלט אימ דאָרטנ עפּעס געפעלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווענ בענציע האָט געפירט דעמ בורנ צוריק פונ דער קרעניצע, איז שוינ דער דאָקטער געשטאַנענ מיט סראָעל מײַדענער אַזנ גאַניק. דער מײַדענער האָט געריבנ א האַנט אינ א האַנט אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— אדאַנק גאָט, געבענטשט איז זײַנ ליבער נאָמענ. אבי ס׳איז ניט געפערלעכ... נו, איצט קאָנ מענ שוינ פאָרנ!

בענציע האָט גענומענ שפּאַנענ דעמ פערד אפּ אָפּצופירנ דעמ דאָקטער. זיי זײַנענ אינ־גיכנ אַרויסגעפאָרנ. דער מײַדענער איז געפאָרנ אפּצופּריַער. נאָר פונ יענער זײַט דעמ־באָונ וואלד האָט בענציע א שמיר געטאָנ דעמ בורנ אונטערנ בויכ, פאַרקוועטשט אנ אייגל, אונ איז אַרויסגעפאָרנ פאַר דעמ מײַדענער.—איצט וועט ער מיר נאָכלויפנ,—האָט בענציע געשמייכלט,— זיי וועלנ בא מיר גיינ אינ שפּאַנ, נאָכ בעסער, ווי בא אריענ... וויאָ!—דער בורער איז געגאַנגענ אינ גאַלאָפּ. דער דאָקטער האָט זיכ אזש אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר די גאָלדענע ברילנ... דער מײַדענער האָט פאַרשטאַנענ בענציעס אַריבעריאָגנ, האָט ער אָפּגעלאָזט דעמ שוואַרצנ אָגער, אזש א זאַווערוכע האָט זיכ אופגעהויבנ איבערנ פעלד. ביידע שליטנס זײַנענ געפלויגנ באַנאַנד איבער דער ווײַסער נאַכט. אַרומ איז געווענ שטיל. נאָר פונ יוליק פעטרעס כאַטע האָט זיכ געטראָגנ איבערנ כוטער יוליעס געזאַנג:

Чер-рез го-о-ру
Го-ор-у-у та до-оли-ину
Не ход-и до ме-е-не
Вра-ажий си-ину!

(פאָרזעצונג קומט)

מארטין בירנבוים (ניו־יאָרק)

# פון וואנען קומט דער ווינט

פון וואנען קומט דער ווינט? —
פון מיזרעך קומט דער ווינט!
דער פרילינגדיקער ווינט
מיט פרישן הויך פון פעלד,
מיט אימפעט איבער שטאָט,
און צייַט זיך צוגעשטעלט.

די שטאָט האָט אויך א זון, א בלויען הימל אויך.
און אספאלט־גראָער ברוק—נישט שטענדיק איז ער גראָ —
עס קומט אמאָל א שאָ און ס'טוט א גלי די גאס
און ס'טוט א פלאם דער סקווער—עס קומט אמאָל א שאָ.

פון וואנען שאלט דאָס ליד? —
פון הערצער שאלט דאס ליד!
פון יאָנטעוודיקע הערצער
באהערשט פון זעלבן דראנג,
ווי העלער פרילינג־שטורעם
טראָגט זיך דאָס געזאנג.

נישט יעדעס ליד איז שווער, ניט יעדעס ליד איז בלאס;
ווייַל ליב האָט מענטש דאָס ליכט און ליב האָט ער די פרייד.
איז קומט אמאָל א צייַט און ס'העלט דאָס טונקל אוף
און טוט זיך א צעבלענד—עס קומט אמאָל א צייַט.

וואָס ברענט דאָרט אין דער לופט? —
דאָס ברענט א פאָנען־וואלד?
א רויטער פאָנען־וואלד
אין האָרעפּאשנע הענט,
צעפאָכעט פונעם ווינט,
ווי וווּנדערלעך ער ברענט!

פאראנען הענט וואָס געל, און הענט וואָס זײַנען שלאַפ,
נישט יעדנס בלוט איז הייס. נישט יעדער ליגט אַפ דר'עיד.
נאָר ס'בליצט דאָס קלאַסנ־שווערד אמאָל אינ שאַרסקע הענט
מיט קלאָר־געשאַרפטנ האַס—עס בליצט אמאָל דאָס שווערד!

וואָס איז הײַנט פאר א טאָג? —
א רויטער טאָג איז הײַנט!
א בלוט־ און לידער־טאָג
פונ מענטש, וואָס וויל זײַנ פרײַ!
א טריט־מוזיק פארשײַטער
ערשטער טאָג אינ מײַ!

די שטאָט איז פול ביז ראנד. די שטאָט גייט איבער אזש.
ווער עס גייט אינ רײ און ווער עס שטייט באַם זײַט. —
נאָר קומענ וועט א צײַט און ברויזנ וועט די שטאָט
מיט די וואָס שטייענ אָפ!—קומענ וועט א צײַט!

פונ וואנענ קומט דער ווינט? —
פונ מיזרעכ קומט דער ווינט!
פונ יונגנ פרילינג־לאנד
וווּ ערד און מענטש איז נײַ!
ער קומט, ער וועקט, דער ווינט
צום גרויסנ ערשטנ מײַ!

ה. שוועדיק

# לידער

## עדוארד באגריצקין

„Не погибла молодость,
Молодость жива!...
Эдуард Багрицкий

צי כ'פאָר דורכ א זאווײ אינ ווינטערדיקנ סטעפּ,
ווענ ווינטנ פײַפנ ביז פארטוויכט צו ווערנ
אונ מוליענ אָנ אינ הויכנ גרויע וואָלקנ־קעפּ
אונ פארהוקענ לעצטע, פינקלענדיקע שטערנ...

צי כ'שטײ אינ הויכער, וואונדערלעכער ווינטער־נאַכט,
ווענ שנייענ בלוילעכע די בליקנ מײַנע גלעטנ
אונ ס'איז אזויפיל רויִק־שײַנ די שנייענ־פלאכ,
אז איכ האָב מוירע אָט די שײַנע רו באטרעטנ...

צי כ'זע, ווי ס'צאַפּלענ אינ די נעצנ זילבער־פיש
אונ הער די פישער ליד, וואָס שמעקט מיט יאמ אונ מיט סעליטער
אונ קוק אפ כוואליעס, וואָס פארבלײַבנ שײַנ אונ פריש,
ווי דײַנע צאפּלדיקע, יונגע לידער...

צי כ'שטײ אינ מײַנ צעבליטער פרילינג־שטאָט,
ווענ ס'ציט זיכ צו דער זונ
דער צוויט פונ בוימ אונ ברעקלעכ קינדער פונ די וויגנ
דערפיל איכ דיכ לעמ זיכ, אונ ס'איז מיר אזא שאָד
וואָס קאָנסט ניט זעג אצינד, ווי הויכ, ווי גרויס מיר זײַנענ אופגעשטיגנ...

דיר אזא מינ לעבעדיקנ, ליבער דיכטער,
דיר
גלײַכ אפ א שפּאס האָט די נאטור אומיסטנ
געשאָנקענ אסטמע. נאָר באנאכט אינ טיר
קלאפּנ זיכ צו דיר קאָנאלעריסטנ.



רויטארמייער קומען אָן צו דיר,
אין דער שפּיץ א פאָן א רויטע וויכערט.
רויִקער, ניט אָטעם אזוי גיך
טײַערער, באליבטער דיכטער...

דו אָטעמסט גיך, גלײַך דו ווילסט צונעמען וואָס מער
באַם לעבן רעגעס, וואָס אָן אָפּשטעל רינען.
נאָר פאלסט אין קישנס טיפער,
ס'ווערט דיר שווער,
דו זעסט אין כאָלעם—ס'גויסעסט וואליענטינע...

„וואליע, וואליענטינע"... הער איך שעפּטשעסטו.
וועקסט זיך אוף. אין גאסן בלויט. באגינען.
ס'פויקן יונגע פויקן. פּיִאָנערן. זון.
ס'זינגען לידער טויזנט וואליענטינעס.

ציסט זיך צו דעם פענצטער. ס'איז דײַן פאָנעם—קרײַט.
נאָר דײַן הארץ פון לידער נײַע קויכעס שעפּט.
און זינגסט ארויס אין דרויסן,
צום פּיִאָנער־אָטריאד:
„די יוגנט ניט געשטאָרבן איז,
די יוגנט שטענדיק לעבט!"...

* * *

שפּעט באנאכט איז געקומען צו מיר מײַן דערשאָסענער ברודער,
געשטעלט זיך האָט ער בא דער טיר און געקוקט צו מײַן זײַט שטילערהייט,
אין דער פינצטער האָב איך נאָר געזען, ווי עס לויכט זיך א פּינטל א רויטע—
פון דאָרטן איז עס דורכגעפלויגן די קויל—זײַן פרײַוויליקער טויט...

ניט זיכער, גלײַך עמעצער וואָלט עס אים דירן פארווערן,
האָט ער מײַן ביכעלע לידער מיט ציטריקע פינגער גענומען.
ארײַן איז אין צימער די בלויקײַט פון נאכט מיט פינף ליכטיקע שטערן
און לאנגזאם איז דאן די לעוואָנע דורך אָפענעם פענצטער געשווומען...

ער האָט דאָרט געלייענט א ליד, וועגן זיך—דעם דערשאָסענעם ברודער,
און ס'זײַנען צוויי ליכטיקע טרערן אין אויגן, אין בלויע געשטאנען
און פלוצלונג ער זאָגט צו מיר: ברודער, דו הערסט ווי פאר טויזנטער
ווערסטן עס רודערט—
דאָס רודערט מײַן טראקטער אף פעלדער, אף בירעבידזשאנער...

ווי ליב געהאט האָב איך דעם טראקטער דורך רעגנענדע, קאַלטע מעסלעסנ
צו זיך אינ קאָמונע דערפירנ מיט זיגרײַכנ, שטארקנ גערודער.
אונ זאָל זײַנ אז איך האָב געפראָרנ, אונ זאָל זײַנ איך האָב ניט דערגעסנ—
די פּײַנ פונ דער מי איז געווענ מיר זיס, גלײַך ווי קאָרענער ברויט אינ
א הונגער.

ווי ליב געהאט האָב איך פארנאכטנ בא זיך אינדערהיימ—אינ קאָמונע,
ווענ ס'פלעגנ די טײַערע ברידער פארציִענ א ליד אזוי הארציק.
אונ איך פלעג זיך גליקלעך פארטרוימענ אונ ליב האָבנ זיצנ אונ שטומענ,
נאָר מיטזינגענ פלעג איך דאנ הייך מיט מײַנ גאנצענעמ הארצנ...

כאווײרימ, איר טײַערע מײַנע, איר זײַט דענ ניט לײַבלעכע ברידער?
מיר טיילנ צוזאמענ די פריידנ, צוזאמענ די זאָרגנ אונ דײַגעס.
וואָס קענ דענ נאָר שטארקער פארליבנ, אונ שטארקער פארבינדנ
ווי אונדזער קאָמונע, וואָס מיר האָבנ אופגעשטעלט דאָ אינ דער טײַגע...

ניט זענ וועל איך מער דעמ אמור. אינ די הענט כ'וועל א קאָסע ניט האַלטנ.
ווי גוט וואָלט געווענ די גראָזנ, די הויכע א שנײַד טאָנ אינ ברייטע פּראָקאָסנ.
זיי פאלנ, אונ גראָזנ בא זײַטנ אינגאנצנ מײַנ קערפּער באהאלטנ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארשאָלטנ זאָל זײַנ די מינוט, ווענ מײַנ גליק כ'האָב פרײַוויליק דערשאָסנ...

גערעדט האָב איך דאנ צו מײַנ ברודער אונ ס'האָבנ די שטערנ אינ צימער
צוהערנדיק מײַנע ווערטער ליכטיקער לויכטנ גענומענ
— אז דיר האָט פארלאָזנ די פרוי, האָט געדאכט דיר, אז דו ביסט א שווימער
אינ מיטנ פונ רוישיקנ יאמ, אליינ אונ קיינ הילפ וועט ניט קומענ...

ביסטו דאנ געווענ ווי א בלינדער, וואָס האָט זיך אָנ שטעכיקע דראָטנ,
גייענדיק איינער דורך פעלדער פלוצלונג מיט הענט אָנגעשטויסנ
אונ האָט ניט געזענ דאָרט די ביימער מיט פרוכטנ, מיט שווערע באשאָטנ
אונ האָט ניט געזענ דאָרט די בייטנ אינ פײַער פונ פרעכטיקע רויזנ...

ווענ סעדער־שטעט זײַנענ אינ בליִונג, סאָ זײַ ווי א גערטנער א טרײַער,
דער וווּקס פונ די סעדער איז נענטער, איז ליבער פונ אייגענעמ לעבנ
אונ ביסטו אוועק אונ פארלאָזנ אינ מיטנ פונ ארבעט דעמ טראקטער
איז וועלנ מיר קיינמאָל ניט, קיינמאָל דײַנ גרויסנ פארברעכנ פארגעבנ...

ברודער, האָט ער דאנ געזאָגט מיר, א ווינטל האָט איבערגעקערט מיר,
נאָר דו וואקס אזוי ווי א בוימ, וועלכנ ס'קענ ניט קיינ שטורעמ צעשטערנ.
ס'איז דאנ די לעוואָנע ארויס דורכנ אָפענעמ פענצטער
אונ איינס נאָכנ צווייטנ נאָך איר אינ דער בלויקײַט פינפ ליכטיקע שטערנ...

* * *

אינ מינסק איז איצטער טיפע נאכט,
דעמ ברוק באשיטנ שטילע שנייענ.
ס'באטרעט זיי קיינער ניט.
זיי ליגנ גלאט.
בלויז נאכט־וועכטערס בא טויערס שטייענ...

פארנורעט אינ די פעלצנ שטיל,
זיי הערנ דינסטנ שנייענ־ציטער
בלויז איכ, וואס בינ אינ קיעוו איצט
קוק ווי די שנייענ לאנגזאמ שיטנ...

אונ ווענ איכ טראכט פונ דיר מיינ מינסק,
כ'דערזע דיינ שמייכלענדיקנ זייגער,
אונ ווי א לעבעדיקנ כ'גריס
זיינ קלארנ קלונג אינ נאכט ווענ שניי גייט...

ער קלינגט...
אונ אפנ ברייטנ פלאצ,
וואס איז מיט שניי אונ שיינ באשאטנ,
כ'דערזע: עס גייט מיינ פרוי אונ פריינט
צוזאמענ מיט איר ליבנ שאטנ...

עס איז דער שאטנ שלאנק אונ דינ
דורכ שנייענ שיט—זי לויפט מיינ בעסטע.
אונ קיינער זעט זי ניט,
בלויז איכ פונ קיעוו
שטרעק אויס די הענט פאר טויזנט ווערסטנ...

10-טנ יאנוואר—קיעוו.

אגנעס סמעדלי

# אויסשפירער [1]

א פויער אָנגעטאָנ אינ גראָז־סאנדאלנ, א הוט מיט א קאָנוס־קריינדל פארוואָרפנ אפנ נאקנ, איז געקומענ צו וואנדערנ אינ א קליינ שטעטל אינ מיזרעכ־כונאנ. זײַנע קליידער זײַנענ געווענ ריינ, זײַנע הויזנ אויספאריכט מיט ליכטיקע נײַע לאטעס אזוי, אז זיי האָבנ אויסגעזענ ווי א מאָזאיק. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט נעבנ א גאס־טישל, ווו א מאנ האָט געבאקט קארטאָפל אינ א ליימענעם טאָפּ, אונטער וועלכנ ס'האָט געברענט א ליכטיקער פײַער. דער פויער האָט געקויפט קארטאָפל אונ אָנגעהויבנ עסנ.

נאָכדעם, ווי ער האָט א ווײַלע געפלוידערט מיטנ קארטאָפל־הענדלער, איז ער דורכגע־גאנגענ די גאס אונ ארײַנ אינעם שטעטלדיקנ טיי־הויז. ער האָט זיכ אוועקגעזעצט בא א לאנגנ פראָסטנ טיש אונ ארומגעקוקט זיכ איבערנ טונקעלנ צימערל. דאָרט זײַנענ, ארום א טוצ מענטשנ, געזעסנ בא אנדערע טישנ, טייל האָבנ געטרונקענ טיי אָדער געקנאקט דינע־קערלעכ, ווארפנדיק די שאָלנ אפנ הארטנ ליימענעם דיל.

אלע האָבנ זיי זיכ אויסגעדרייט אונ נײַגעריק געקוקט אפנ פרעמדנ. איז עס א שפּיאָנ פונ די באלעבאטים אונ מיליטאריסטנ? ניינ, זיכער ניט, אזעלכע שפּיאָנענ קומענ אלעמאָל ווי קליינע ארומוואנדערנדיקע סאָכרים, גאלאָכים אָדער וואָר־זאָגער. די באלעבאטים האָבנ שוינ דאָ ניט געדארפט די שפּיאָנענ, ווײַל די גאָמינדאנ־ארמיי האָט צוריק פארכאפּט דאָס שטעטל אונ צוזאמענ מיט זיי האָבנ זיכ ווידער אומגעקערט די באלעבאטים.

פונ א טיש, ווו עס זײַנענ געזעסנ דריי פויערים, האָט איינער זייער העפלעכ באגריסט דעם פרעמדנ: „האָסט הײַנט געגעסנ רײַז?"

דער פרעמדער האָט געענטפערט, אז ער האָט געגעסנ אונ ער האָפט, אז זיי זײַנענ אויכ אזוי גליקלעכ. זיי האָבנ אים אײַנגעלאדנ, ער איז אריבער צו זייער טיש אונ מ'האָט פארפירט א שמועס. מ'האָט אים געפרעגט אונ ער האָט געענטפערט, אז זײַנ פראָסטער נאָמענ איז וואנג, אז זײַנ היימיש דאָרף איז אינ דער געגנט פונ טשאלינג, אונ אז ער איז געגאנגענ דורכ די בערג קײַנ מײַרעוו, קעדיי צו באזוכנ קרויווים. אז זײַנ ערד איז א גוטע, ער האָט פינפ מאו [2], אז די הארבסט־אײַנזאמלונג איז געווענ א גוטע, אז ער האָט אזויפיל אונ אזויפיל מיטגלידער אינ דער פאמיליע, אז ער געהערט צו דער מישפּאָכע אזוי אונ אזוי, ער האָט דרײַ זינ אונ איינ טאָכטער, אונ דער ווערט פונ זײַנ הארבסט רײַז איז...

אונ אזוי ווײַטער אונ ווײַטער האָבנ זיי צווישנ זיכ געפלוידערט וועגנ זײַנע פערזענ־לעכע איניאָנים, ביז איינער א פויער, פונ א דערנעבנדיקנ טיש האָט אים איבערגעריסנ

[1]) א קאפיטל פונ אגנעס סמעדליס בוכ „די כינעזישע רויטע ארמיי מארשירט", דערשינענ אינ ענגליש אינ 1934 י.
[2]) איינ מאו איז א זעקסטל פונ אנ אקער.

מיט א פראגע — צי קען ער א געוויסע פאמיליע טשר־טועג, אינ א דערבײַיקנ דערפל נאָענט צו זײַנ היים?

דער פרעמדער האָט א ווײַלע נאָכגעטראכט, דאכט זיכ אים, אז ער קענ טשאו־טוענ, נאָר ער געדענקט ניט אקוראט. „דאָס דאָרפ איז היפשלעכ ווײַט פונ זײַנ היים", האָט ער דערקלערט.

די פאַרזאמלטע מענטשנ האָבנ אים באטראכט אופמערקזאמ, דאנ האָט אײנער א יונגער היציקער פויער באמערקט:

„— נו, אויב דו ביסט ווירקלעכ פונ טשאלינג—איכ ווייס ניט צו ס'איז אזוי—קענסטו אונדז זאָגנ, איז עס עמעס, אז די ווײַסע סאָלדאטנ האָבנ צוריק פארכאפט די שטאָט טשא־לינג? די באלעבאטימ דאָ הי' זאָגנ, אז יאָ, אונ אז די רויטע זײַנענ אלע אויסגעהארגעט".

דער פרעמדער האָט א קוק געטאָנ דעם יונגנ פויער אינ די אויגנ ארײַנ אונ טרוקנ באמערקט: „די מיליטאריסטנ האָבנ ניט פארכאפט טשאלינג, די ארבעטער אונ פויערים זײַנענ זייער שטארק אונ די רויטע גווארדיע באשיצט די שטאָט מיט ביקסנ, וואָס זיי האָבנ פארכאפט בא די מינ טאונ [1]) אונ בא די ווײַסע סאָלדאטנ".

די פויערים האָבנ זיכ איבערגעקוקט מיט פארוואונדערונג, דער פרעמדער באנוצט די ווערטער „ווײַסע" פאר די מיליטאריסטנ אונ אײגנטימער אונ „רויטע" פארנ פאָלק!

זיי האָבנ אים אָנגעהויבנ צו באשיטנ מיט פראגעס, אלע אנדערע וואָס האָבנ זיכ גע־פונענ אינעם טיי־הויז האָבנ אים ארומגערינגלט, די פרוי וואָס האָט געהאלטנ דאָס טיי־הויז איז צוגעקומענ אונ זיכ אוועקגעשטעלט הערנ. זי איז געווענ א פעסטע פרוי אינ שווארצע הויזנ אונ אינ א בלויענ באוולענעמ שפענצער. אירע שווארצע האָר, ווי א גלאנציק שײַטל, זײַנענ געווענ פארקעמט אפ אונטנ, אָפגעצויגנ פונעמ שטערנ אונ פארפלאָכטנ אינ אָ קוקלע נאָענט פונעמ נאקנ. א מעטאלענע שפילקע איז געווענ דורכגעזעצט דורכנ גרעק, אפ אײנ זײַט קאָפ איז בא איר געווענ א רויט פיר־בלעטלדיק קינסטלעכ בלימל, וואָס איז געלעגנ אזוי צוגעפלאטשט, אז ס'האָט אויסגעזענ ווי ס'וואָלט געווענ צוגעקלעפט צו די האָר.

דער גאסט האָט געענטפערט אפ די פראגנ וואָס מ'האָט אים געשטעלט, אָבער פאָר־זיכטיק, צוגעבנדיק צו יעדנ ענטפער א פראגע וועגנ די אָנוועזנדע. אפ זײַנע פראגעס האָט דער יונגער פויער געענטפערט אָפנ, ער האָט געזאָגט:

„קיינ שפיאָנענ פונ די באלעבאטימ זײַנענ דאָ ניטאָ, מיר קאָנענ יעדנ אײנעם פונ דעם דאָרפ".

„אָבער עס זײַנענ געווענ שפיאָנענ אײדער די סאָלדאטנ פונ די באלעבאטימ האָבנ זיכ צוריקגעקערט", איז די פרוי באשטאנענ, צושאָקלנדיק מיטנ קאָפ אז זי ווייסט.

„יאָ", האָט דער יונגער פויער דערקלערט, „מיר זײַנענ געווענ גענוג נאריש אונ זיי דורכגעלאָזנ, אײנער פונ זיי האָט געהאט א ביקס, ווענ ער איז אָבער געקומענ נאָענט צו טשאלינג האָט אים עמעצער דערהארגעט אונ די ביקס צוגענומענ".

דער גאסט האָט געפרעגט: „וואָס האָט ער געוואָלט אויסגעפינענ?"

די פרוי האָט געענטפערט: „ער האָט געוואָלט דערגיינ וועגנ פויערים־פאריינ דאָ הי' אונ אינ די אנדערע דערפער.. ער האָט נאָכגעפרעגט וועגנ די רויטע באנדיטנ".

דער גאסט האָט א בליק געטאָנ די „רויטע באנדיטנ?"

„אזוי האָט ער זיי גערופנ, איכ מיינ די רויטע ארמיי".

---

[1]) מינ טאונ—פאָליציי.

„וואָס האָט ער געפרעגט וועגן דער רויטער ארמיי?"

די פארזאמלטע האָבן זיך איינס דאָס אנדערע אָנגעקוקט און נעענטער זיך צונויפגעדרוקט. אַן אלטער פישער, טרוקן ווי א סקעלעט, האָט געענטפערט:

„וואָס ער האָט געפרעגט? איך, טשאנג פא-לינג וועל דיר דערציילן! ער האָט געפרעגט אין וועלכער זייט די רויטע ארמיי געפינט זיך, איך האָב אים געזאָגט, אז ערגעץ ווו קיין מיַיַרעוו איז זי אוועק. איך אָבער האָב געוווּסט, אז זי געפינט זיך אין דאָרעם. איך האָב אים געזאָגט, אז דאָרט געפינען זיך אַן א שיר מענטשן אין דער רויטער ארמיי און אז זיי זיַינען גאָר אַן שרעק פארן טויט, אז זיי לאָזן ניט איבער קיין איין באַלעבאָס, קיין איין מיליטאריסט לעבעדיק. דערנאָך האָב איך צו אים געזאָגט—זאָג מיר, פארוואָס שלאָגן זיך די אָרעמעליַיט פאר די גענעראַלן? ער האָט מיר געענטפערט גאָטספאָרכטיק: „דינען דעם האר מיט אונטערטעניקייַט און טרייַשאפט איז דער סימען פון העכסטער פליכט", און איך האָב צו אים געזאָגט, כ'האָב געזאָגט: „דו דינסט צו טס'אאָ, טס'אאָ קעגן דעם פאָלק"!

„מייַן שאָכן", האָט נאָך א פויער אָנגעהויבן, „האָט אים געזאָגט, אז די רויטע ארמיי האָט פארכאפט פופציק טויזנט סאָלדאטן פון די גענעראַלער אין לעיאנג און האָט צוגענומען אַלע זייערע ביקסן און קוילן. דער שפּיאָן האָט געענטפערט, אז ס'איז ניט עמעס. נאָר מייַן שאָכן האָט גערעדט מיט שארפע ווערטער, אז די רויטע ארמיי האָט אזעלכענע ביקסן, וואָס קאָנען שיסן אפּ הונדערט לי, ער האָט אים געזאָגט, אז טשו טעה איז ווי קוואנג יו, דער גאָט פון קריג אליין, און דאָס איז עמעס, איך האָב עס אליין געהערט פון אסאך מענטשן. יענע וואָך איז דאָ פארבייַגעגאנגען א מענטש פון דאָרעם, האָט ער אויך געזאָגט דאָס אייגענע". דער אלטער פישער האָט איבערגעשלאָגן: „איך האָב געהערט, אז טשו טעה איז אמאָל געגאנגען אין שלאכט, ער איז געווען אָנגעטאָן אין א לאנגן ייִשאנג, די ארבל האָבן געגרייכט סאמע ביז דער ערד. ווען די שלאכט האָט זיך אָנגעהויבן איז ער ארויס באגעגענען דעם פייַנט, ער האָט זיך געפּעכערט מיט א פעדער-פעכער אָט אזוי אָ. ער האָט קיין מוירע ניט געהאט פארן טויט, דער פייַער פון זיַינע אויגן האָט דעם סוינע אזוי דערשראָקן, אז ער האָט זיך אומגעקערט און אנטלאָפן צוריק קיין טשאנגשאָ.

איינער האָט איבערגעשלאָגן: „טשו טעה קאָן נאָך מער, דערציילט מען, ער קאָן הייסן דעם ווינט און באפעלן דעם שטורעם! ער קאָן מאכן א שפּאן פון צען מענטשן און קאָן אופהויבן א פערד מיט איין האנט, איך האָב געהערט, אז ער קען זען פאָרויס און הינטער זיך אין דערזעלבער צייַט, ניט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ".

דער יונגער פויער האָט פראָטעסטירט: „דאָס גלויב איך ניט, מיר לעבן ניט איצטער אין דער צייַט פון סאן קואָ. טשו טעה קאָן ניט קוקן פאָרויס און הינטער זיך אין דערזעלבער צייַט, ער האָט א שפּאקטיוו וואָס הענגט אים ארום האלדז און אז ער קוקט דורך אים, קאָן ער זען דעם סוינע פאר הונדערט לי... איז איצטער זאָג מיר, צוליב וואָס זאָל ער אופהייבן א פערד מיט איין האנט? וואָס פארא נוצן ברענגט עס? ער קאָן ניט מאכן קיין שפּאן פון צען מענטשן, נאָר ער האָט די מוטיקייַט און די אויסגעהאלטנקייַט פון טויזנט גענעראַלן, אזוי איז אויך מאו דזע-דונג. איך האָב געהערט, אז מאו דזע-דונג קאָן פארניכטן די אדעליקע מיטן שרייַבן פון זיַינע לידער און קאָמפּאָזיציעס, דאָך קעמפט ער פאר אונדז פויערים, ער איז אליין פון טשאנגשאָ, ער איז איינמאָל אליין געוואָרן א ריקשאָ-קולי, קעדיי צו אָרגאניזירן די ריקשאָ-קוליס פון טשאנגשאָ; מאו דזע-דונג און טשו טעה

האָבנ ביידע געוואַנדערט אונ שטודירט אינ אויסלאַנד, זיי ריידנ אפ צוויי פאַרשיידענע אויסלענדישע שפּראַכנ, זיי זײַנענ גרויסע מענטשנ, געבילדעטע אונ דאָכ קעמפנ זיי פאַר די אָרעמע״.

דער גאַסט האָט געקוקט אפנ יונגנ פויער מיט גרויס פאַרינטערעסירטקייט, דערנאָכ האָט ער געזאָגט: „דו ווייסט זייער פיל, האָסטו ווײַט געוואַנדערט?״

„איכ האָב אפילע אזוי ווײַט ווי קיינ טשאַנגשאַ ניט געוואַנדערט. איינמאָל נאָר בינ איכ געווענ אינ כענגטשאַו. אינ כענגטשאַו זײַנענ פאַראנ אזויפיל מענטשנ, אז זיי מוזנ וווינענ איינער איבערנ אנדערנ, אַנשטאָט צו האָבנ יעדערער זײַנ אייגנ הויז אפ דער ערד, אזוי ווי מיר דאָ היי. עס זײַנענ דאָרט פאַראנ אינ כענגטשאַו גענוג סאָלדאַטנ אויכ, אויס־געלאָסענע כוורע... אינ זייערע מאַמעס ארײַנ״.

„וויפל סאָלדאַטנ זײַנענ פאַראנ דאָ, אינ דער שטאָט?״

„א הונדערט! אינ דער גרויסער מאַרק־שטאָט, דאָרט, אפ צאָפנ, זײַנענ אוואַדע פאַראנ עפּשער פינפהונדערט, זיי האָבנ אויסגעקוילעט זייער פיל מענטשנ״.

די פרוי, וואָס האָט געהאַלטנ דאָס טיי־הויז, האָט גאָר איבערהויפּט ניט געטראַכט וועגנ דער צאָל סאָלדאַטנ, נאָר וועגנ אנדערע זאַכנ, זי האָט זיכ געווענדעט צום גאַסט אונ אים געפרעגט: „זאָג מיר, האָסטו געהערט... טשו טעה האָט כאַסענע געהאַט מיט א מיידל א געלערנטע, מיטנ נאָמענ טשאַנג אונ זי איז איצט אינ דער רויטער ארמיי מיט אים, א רעוואָלווער הענגט איר בא דער טאַליע, אירע פיס זײַנענ אזוי גרויס ווי דרעש־פליגל אונ זי קענ קעמפנ בעסער ווי וועלכער עס איז מאַנ?״

דער עולם האָט סקעפּטיש א לאַכ געטאָנ, נאָר די פּראַקטישע פרוי האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט, מיט די הענט אָנגעשפּאַרט אפ די באָקעס איז זי געשטאַנענ אונ געוואַרט אפ אנ ענטפער. צו אלעמענס באַוווּנדערונג האָט דער פרעמדער צו איר אזוי געזאָגט:

„איכ האָב אויכ געהערט וועגנ א מיידל טשאַנג, זי האָט כאַסענע געהאַט מיט טשו טעה אונ קעמפט מיט אים צוזאַמענ אינ דער רויטער ארמיי. אירע פיס זײַנענ פונ נאַטירלעכער גרייס, זי קאָנ מיט זיי מאַרשירנ אונ זי קעמפט גוט״.

די פרוי האָט אונטערגעהויבנ אביסל די געמבע אונ א קוק געטאָנ אפ די אונטערגע־געבענע מענער מיט טריומף—„איז זאָל זי לאַנג לעבנ אונ האָבנ אסאַכ זינ! איכ וועל הײַנט רויכערנ ווײַרויכ אינ טעמפּל פאַר איר אונ פאַר דער רויטער ארמיי״.

דער יונגער פויער האָט זיכ צו איר געווענדעט: „דײַנ ווײַרויכ קאָנ ווינציק וואָס אופ־טאָנ פאַרנ מיידל טשאַנג אונ פאַר דער רויטער ארמיי! ביקסנ, אָט וואָס...״

״דו, קוואַנג־קווענ, נאָכ מיט דער מאַמעס מילכ אפ די ליפּנ, דו ווייסט נאָכ ניט אַלצ, כאָטש דו ביסט א מענטש א רײַזנדער! אלצדינג קאָנ אימיצנ העלפנ, אונ אויכ די געטער...״

„די רויטע ארמיי האָט מיט אירע שווערדנ אופגעשפּאָלטנ די געטער אונ קיינ זאַכ האָט ניט פּאַסירט! די געטער האָבנ די באַלעבאַטים אינ טר־האָס געמאַכט, קעדיי צו האַלטנ אונדז אינ אומוויסנקייט. ביקסנ אונ מער סייכל, אָט וואָס מיר דאַרפנ!״

„טאָ פאַרוואָס קריגט איר זיי ניט?... וויפל ביקסנ האָבנ דאָ די ווײַסע סאָלדאַטנ?— האָט דער גאַסט געזאָגט ווי מיט אנ ארויסרוף.

די פאַרזאַמלטע האָבנ אויסגעטאַרטשעט די אויגנ, זיכ ענגער צוזאַמענגערוקט. דער יונגער פויער האָט ארופגעלייגט א האַנט אפנ פרעמדנ אַקסל, אלע האָבנ אָנגעהויבנ ריידנ מיט סודעסדיקע שטימענ, די פרוי איז אוועק צום טיר אונ געקוקט אפ ביידע זײַטנ גאַס

„אויב די רויטע ארמײ..."‚ „קאָנ די רויטע ארמײ"‚ „ווענ די רויטע ארמײ". אזעלכע אײנציקע ווערטער האָט זי געהערט פונ די פארזאמלטע ארומ טיש.

די פרוי האָט זיכ צוריקגעקערט, איז פארבײַגעגאנגענ אונ אוועק אינ אנ אונטערשטנ צימער. אינ א פאָר מינוט ארומ האָט זי געבראכט פונ דאָרטנ דרײַ געקאָכטע אײער, א שיסל רײַז אונ האַט עס אוועקגעשטעלט נעבנ פרעמדנ. ווענ יענער האָט ארויסגענומענ געלט פונעמ גארטל, האָט זי זיכ אנטזאגט עס צו נעמענ, זי האָט אָנגעגאָסנ זײַנ טעפל מיט הײסנ וואסער אונ האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונעמ געלט פאר דער טײ.

די נאכט האָט דער פרעמדער פארבראכט אינעמ שטיבל פונעמ יונגנ פויער.

קײנער איז יענע נאכט ניט געשלאָפנ, מענטשנ זײַנענ געקומענ אונ אוועק; כאָטש דאָס ווײַסע מיליטער איז געשלאָפנ אינעמ טעמפּל, סאכאקל א פאָר גאסנ ווײַטער, דאָכ האָבנ זײ ווענג דעמ אלעמענ ניט געוווּסט. עס זײַנענ אָבער געווענ אסאכ מענטשנ אינ שטאָט, וואָס האָבנ געוווּסט, אז דער פרעמדער, דאָ בא זײ, איז, ניט סטאמ א פויער פונ טשאלינג, נאָר אנ אויסשפּירער פונ דער רויטער ארמײ.

אײדער ס'האָט נאָכ געקומענ גרויענ אפ טאָג האָבנ שוינ דער פרעמדער מיטנ יונגנ פויער, געשפּרײַזט שנעל איבער די בערג, גײענדיק צוריק אינ דער ריכטונג פונ וואנענ ער איז געקומענ.

אָט אזוי זײַנענ די אויסשפּירער בעגאנגענ פאר דער רויטער ארמײ, ניט באוואָפנט, אלײנ, אָדער אינ גרופּעס פונ דרײַ אונ פינפ אונ אויסגעשפּירט די בערג אונ די בערג־ווענג. אלײנ פויערים, האָבנ זײ געקענט יעדנ דאָרפ, ערלעכע, אומדערשראָקענע, קלוגע, פײַיק צו גײנ לאנגע שטרעקעס, איבערצוטראָגנ די גרעסטע אָנשטרענגונגענ — דאָס זײַנענ געווענ זײערע מײַלעס. זײ זײַנענ אומגעגאנגענ צווישנ די האָרעפּאשניקעס, אופמערקזאמ אלצ אופגעכאפּט, געקליבנ נײַס ווענג סוינעס מיליטער, חענג דעמ קאמפּ פונ די פויערימ אונ ארבעטער.

עס זײַנענ געווענ אזעלכע אויסשפּירער, וואָס זײַנענ שוינ געוואָרנ צו געוואגט, צופיל ריזיקירט, צו אזעלכע צווײ גרופּעס אינ דער רויטער ארמײ האָט טשו טעה אײנמאָל אזוי גערעדט:

„כאווײרימ", האָט ער אָנגעהויבנ, „מיר מוזנ פארבעסערנ אונדזערע אויסשפּיר־מע־טאָדנ! טײל פונ אײַכ זעענ אויס אונ האנדלענ צו קלוג, דאָס איז געפערלעכ, מיר האָבנ דעריבער פארלאָרנ א גרויסע צאָל גוטע מענטשנ, וואָס זײַנענ אוועק אינעמ סוינעס לא־גער אונ האָבנ דאָרט געגומענ פרעגנ פראגעס צו אָפנ, דאָס האָט ארויסגערופנ א כשאד בא די אָפיצערנ. אײנער פונ אונדזערע אויסשפּירער איז נאָר וואָס דערשאָסנ געוואָרנ אינ א מארק־שטאָט, ווײַל ער האָט אפילע פּרובירט טוישנ בא די סאָלדאטנ אײער פאר קוילנ".

„אײניקע פונ אײַכ זאָגנ אויס לויט די פּנעמער אונ לויט דעמ ווי זײ האלטנ זיכ, ערנסט אונ ווירדיק, אז זײ זײַנענ דאָכ עפּעס פרעמדע מענטשנ. נו, דאָס מוז געענדערט ווערנ! ווענ איר גײט ארײַנ אינ דעמ סוינעס לאגער מוזט איר מאכנ אזא פּאָנעמ, ווי אײנער אפ דער טליִע, באמיט זיכ צו געדענקענ ווי אזוי איר זענט געגאנגענ, ווי אזוי איר האָט געהאנדלט, אײדער איר זענט ארײַנגעטראָטנ אינ דער רויטער ארמײ... הויקערט אײַנ די פּלײצעס, לאָזט אראָפּ די קעפּ, קוקט ניט קײנ אָפיצערנ אונ קײנ סאָלדאטנ גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ, האלט זיכ שטיל, קלאָגט זיכ פאר זײ אונ פרעגט קלוגע פראגעס מיט א נארישנ אָנשטעל..."

די רויטע ארמיי האָט די אויסשפּירער געגעבן געלט אפּן וועג און טייל פון זיי זײַנען אוועק טעג פאָרויס פאַר דער רויטער ארמיי, זיי פלעגן אײַנקויפן צו ביסלעך אייער, קאשטאנעס־ניס, פאָדים אָדער באוול אין די מארק־שטעט, טייל פלעגן נאָך צוגעבן צום גאנצן ראמש א פּאָר ווייכע אויער־לעפּעלעך, אנדערע פלעגן גאָר אליין זיך פארנעמען מיט ריינִיקן אויערן, אזוי ארום האָבן זיי געהאט די מעגלעכקײַט צו זײַן צווישן די סאָלדאטן, רייניקן זיך די אויערן און בײַם מײַסע ריידן און פלוידערן.

טייל אויסשפּירער מיט קיישלעך אייער, קאשטאנען־ניס אָדער געטריקנטע פרוכטן אין קערבעלעך, וואָס האָבן זיך געוויגט צוגעטשעפעט זיך צו באמבוק־שטעקנס, — פלעגן ארומהאווען צווישן די פײַנטלעכע סאָלדאטן, פאָרלייגן זייערע סכוירעס צום פארקויפן, זיי פלעגן זיך ארונטערזעצן אפּ די שפּיץ פינגער, די רוקנס אויסגעבויגן, שפּילן מיט די סאָלדאטן אין ווארפן מאטבייעס, פלוידערן סטאם אזוי און פרעגן אזוינע פראגעס, ווי מענטשן וואָס פארשטייען גאָרניט.

נײַגעריק, מיט גאפנדיקע מײַלער, פלעגן זיי נעמען דעם סוינעס ביקסן, באטראכטן זיי און פרעגן קאשעס. מיט די פארהארטעוועטע הענט ארומטאפּן די מאָדנע פּולעמיאָטן וואָס קאָנען „אויסשיסן אָן א שיר קוילן אין איין מינוט". די סאָלדאטן פלעגן כאָכאָטשען פון זייערע פארוווּנדערטע פראגעס, נאָך דעם אלעמען פלעגן די אויסשפּירער פארלאָזן די שטאָט, ארומדרייען זיך סטאם אזוי, אָדער ארומהאָפּקען ארום אייגענעם שטעקן און צוזינגען צום טאקט: האי־האָ! האי־האָ! האי־האָ!

אויסערן שטאָט פלעגן זיי טרעפן איינִיקע זייערע כאווירים, אָדער אליין לויפן צוריק דורך די בערג און אָפּגעבן א באריכט וויפל מענטשן באם סוינע געפינט זיך, וויפל ביקסן און קוילן, אין וועלכער ריכטונג זיי זײַנען, ווי אזוי די סאָלדאטן פארברענגען די צײַט. זיי פלעגן באריכטן ווי דעם סוינעס סאָלדאטן שרעקן זיך פאר דער רויטער ארמיי, צי זיי קראָגן באצאָלט זייערע געהאלטן אָדער ניט, ווי זיי זײַנען אָנגעטאָן, ווי מע קאָרמעט זיי, וואָס טראכטן זיי וועגן זייערע אָפיצערן. אלעמאָל פלעגט זיי אויסקומען צו דערציילן, אז די ווײַסע סאָלדאטן זײַנען אומצופרידן, אָדער ווי שקלאפן דינען זיי אונטער די קאָמאנדירן.

עס זײַנען געווען דערפער, ווו די אויסשפּירער זײַנען געגאנגען פּאָרזיכטיק, ווײַל די פויערים אין די דערפער האָבן גאָרניט געוווּסט וועגן דער רעוואָליוציע, וועגן דער רויטער ארמיי, קיין סימען פון רעוואָליוציע האָט נאָך צו זיי ניט דערגרייכט. אין די דערפער פלעגט מען ריידן צו אלעמען, דערציילן אלץ וואָס מע ווייסט. א פרעמדער צווישן זיי איז געווען א זעלטענע און אינטערעסאנטע דערשײַנונג, און וועגן אים פלעגט מען ריידן ווײַט און ברייט צו יעדן איינעם.

אזעלכע אומבאוווּסטזיניקע דאָרפלײַט זײַנען גרייט געווען צו אנטלויפן אין די בערג, ווען א באוואָפנטער מענטש האָט זיך נאָר באוויזן, ס'האָט ניט אויסגעמאכט ווער און וואָס די ארמיי איז געווען, פאר זיי האָט אן ארמיי באדײַט אן אומגליק, וואָס איז דורך זייער דאָרף ווי א הײשעריק, אופרעסנדיק אלצדינג, לאָזנדיק זיי נאקעט און וויסט, מיטכאפּנדיק געטיילמאָל מיט זיך אלע געזונטע מענטשן, ווי שלעפּ־כײַעס. זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהערט פון אזא ארמיי, וואָס קומט באשיצן און קעמפט פאר אָרעמע, פאר פויערים און ארבעטער, זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהערט פון אזא ארמיי, וואָס באצאָלט פאר די רײַז און וואָס לאָזט די פרויען ניט געשענדעט. אלץ וואָס זיי האָבן געוווּסט איז, אז זיי זײַנען אלעמאָל הונגעריק, אלעמאָל פארהאָרעוועט, אלעמאָל אין שמוץ און אין פוילעניש. אז

די רויטע אַרמיי האָט צו זיי געשיקט וועגן אַן אַרבעטער און פּויערים־רעגירונג, פּלעגן זיי ענטפערן, אַז מיר זײַנען צו נידעריק צו אומווּיסנד און ניט פּייִק אַליין צו רעגירן. נאָר די רײַכע און הערשנדיקע האָבן אַלעמאָל רעגירט און די רעגירער זײַנען שטענדיק געווען פאַלש און אומבעראַכמאָנעסדיק. די פּויערים זײַנען קיינמאָל ניט ווילִיק געווען צו צאָלן קיין אַרענדע, קיין כּיוועס און שטײַערן, וואָס איז, ווי אַ לאַסט אַרופגעלייגט געוואָרן אַפ זייערע פּלייצעס. ווען די אויסשפּירער האָבן זיי דערציילט, אַז די רויטע אַרמיי פאַרטרײַבט און דערהאַרגעט די רײַכע אייגנטימער, האָבן זיי בלויז געפרעגט:

„נו, איז באַ וועמען וועלן מיר באָרגן געלט און רײַז ווען מירן דאַרפן?“

עס זײַנען געווען אַזעלכע אויסשפּירער, וואָס זײַנען אַוועק אין אַזעלכע דערפער, ווו ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע דאָרף האָט געהערט צו איין מישפּאָכע־שטאַם און אַלע האָבן געהייסן מיטן זעלבן שטאַם־נאָמען—טשאַנג, כסיאַאָ אָדער טשו. אין אַזאַ דאָרף האָט געוועלטיקט דער עלטסטער פון שטאַם, אַ רײַכער באַלעבאָס, אַ פּראָצענטניק. אַלע אָרעמע מיטגלידער פון שטאַם האָט ער געהאַלטן אין קנעכטשאַפט. געפּענטעט פון די שטאַם־לאַנ־דאַליטעטן, וואָס איז מיט אַ בעניטער פאָרזיכטיקײַט געפריידיקט געוואָרן פון די שטאַט־עלטסטע, זײַנען די אָרעמע און דערשלאָגענע ווילִיק געווען צו באַשיצן דעם רײַכן וואָס איז זייער אייגן בלוט. ווען דער רײַכער פלעגט אַנטלויפן פאַר דער אָנקומענדיקער רויטער אַרמיי, זײַנען די אָרעמע דאָרפלײַט געבליבן, אָבער וועגן זייער רײַכן קאָרעוו פלעגן זיי גאָרניט דערציילן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווישן די אויסשפּירער זײַנען אויך געווען באַוואָפנטע מענטשן, זיי פלעגן אָבער גיין בלויז אַפ אַ קורצער שטרעקע פאַר דער רויטער אַרמיי. זיי פלעגן באַנוצן זייערע רעוואָלווערן צו סיגנאַליזירן זייערע כאַווײרים. ווען ס׳איז נייטיק געווען פלעגן זיי אויך קעמפן מיטן סוינע, אַזעלכע זײַנען אויך געווען די זעקס אויסשפּירער, וואָס זײַנען געגאַנגען אומגעפער אַ לי פאַר דער רויטער אַרמיי, ווען אַ ווײַסער פאָלק סאָלדאַטן איז אָנגעקומען פון צאָפן, דורך אַ באַהאַלטענעם באַרג־וועג אין די קוסטעס און אַראָפּהענגענדיקע פעלזן.

ביידע קעגנערישע זײַטן זײַנען געווען איבעראַשט, איינער פון די רויטע אויסשפּירער האָט געזאָגט צו זײַן כאַווער:

— „דעם סיגנאַל—גלײַך אין זיי“.

איין אויסשפּירער האָט אופגעהויבן דעם רעוואָלווער און אָפגעפײַערט דעם סיגנאַל גלײַך אינעם סוינעס מיט, גלײַך האָבן אַלע אַ שפּרונג געטאָן אין פאַרשיידענע ערטער צו באַשיצן זיך, און אַ שלאַכט צווישן זעקס מענטשן מיט אַ גאַנצן פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן באַ אַ וועג־קרייצונג.

די רויטע אַרמיי האָט דערהערט די שאָסן און האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט, אָבער איידער זיי האָבן באַוויזן אָנצוקומען, זײַנען שוין די זעקס סנײַפּערס געווען טויט. ווען דער סוינע איז אָפגעטראָטן, האָט מען ערשט געפונען זייערע קערפּערס, צוויי פון זיי זײַנען געלעגן אין אַ גרוילעכער אומאַרמונג מיט צוויי פײַנטלעכע סאָלדאַטן, זייערע קאַלטע געפראָרענע אָרעמס האָט מען געמוזט פאַנאַנדעררײַסן, ווײַל אַפילע נאָכן טויט האָבן זיי ניט לײַכט נאָכגעלאָזט די אײַנגעקלאַמערטקײַט. די רעוואָלווערן זײַנען געלעגן נעבן זיי, אָדער אײַנגעשטשעמעט אין זייערע שטײַפע הענט, קיין איין קויל האָבן זיי ניט געלאָזן, די הענטלעך פון טייל רעוואָלווערן זײַנען געווען אײַנגעשמירט מיט בלוט, זיי האָבן

זיי באנוצט צום שלאָגן דעם סוינע. איינער פון די סנײַפּערס איז געלעגן, האלטנדיק ארומגענומען א פארכאפּטע ביקס פונעם סוינע. צו די לעבעדיק געבליבענע אויסשפּירער האָט זיך טשו טעה געווענדעט און געפרעגט:

— „ווער וויל פארנעמען די פּלעצער פון די זעקס?"

— איך—איך—איך—האָבן אלע געשריִען, ניט קיין איינער, נאָר אלע האָבן וואָלאָנ־טירט. זעקס האָט מען אויסגעקליבן דורך גורל, מ'האָט זיי געגעבן די רעוואָלווערן פון די געפאלענע כאוויירים, זיי האָבן זיי אויסגערייניקט, אָפּגעווישט דאָס בלוט פון די הענטלעך, אָנגעלאָדן—און באַרוועסע, אָפּגעריסענע מיט אויסגע לײַכטע אקסלען האָבן זיי סאַלוטירט די כאוויירים און קאָמאנדירן, אויסגעדרייט זיך און שנעל אוועקמארשירט פאָרויס, איבער די בערג צו מיזורעך־זײַט.

פון ענגליש—א. פּלאטנער.

## ליפע העלער.

* * *

דאָס איז ניט יענע כמאריקע בויד מיט די בלינדע צווי פערד,
וואָס פלעגנ מיכ שלעפנ פונ שטעטל אינ שטאָט אכצנ שאָ
אונ דאָס שטעטל אינ שטאָט ניט פארשלעפנ...

איכ פאָר אונ עס פרייט מיכ...
עס פליִענ אנטקעגנ ווײַסרוסישע וועלדער
מיט הונדערטער זומפיקע מאָכיקע נעסטנ,
איכ פלי—מיט מיר פליט די ווײַסרוסישע ערד...

אָט טאנצט פארבײַ פענצטער א פריילעכער פויגל
אפ זעטיקע ברייטע קאָלווירטישע פעלדער,
וואָס זײַנענ פארבארגיקט מיט היי־הויכע סטויגנ
אונ ס׳דוכט, אז דער פויגל ער טאנצט אפ די סטויגנ
פונ פרייד אונ פונ טײַנעג,
מיט פליגלענ וואָס שײַנענ פונ ווײַסנ ווי קווייטנ.
איכ קוק ווי די זונ טרעט ניט אָפעט פונ אונדז—
מיט ווארעמער פרײַנטשאפט באגלייט אונדז.

איכ פלי אינ מײַנ שטעטל צו פײַערנ אונדזער אקטיאבער.
איכ פלי אונ איכ זע ווי עס זיצט דאָ מיט מיר א בריגאדע מיט מענטשנ,
די מערהײַט באקאנטע:
קאָלווירטניקעס פירנ אפ יאָנטעוו פונ שטאָט פאפיראָסנ אונ סכוירע אינ קווייטנ
אונ הונדערט עלעקטרישע לעמפלעכ פונ שטאָט
פירנ זיי איצטער אפ יאָנטעוו.
א קאָלווירטניצע האלט אפ די קני א גיטארע
זי פירט אינ קאָלווירט עס אפ יאָנטעוו,
אונ אירע אויגנ די גרויסע די קארע
באשײַנענ איר רויטנ געזונטנ געזיכט.

עס זיצט א קאָלווירטניק מיט מיר אונ די באָרד כאפט בא אים
ביז דעם מיטלסטנ קנעפל פונ רעקל.

ער דערציילט, ווי מע האָט זיך אמאָל אפ דעם וועג דאָ געמוטשעט—
געזונקען אין בלאָטע...
און צען באַלעגאָלעס מיט בײַטש־שטעקלעך גראָבע
האָבן די פערד דאָ געשמיסן.

עס יאָגט דער אויטאָבוס און טראָגט אונדז פאָרויס און מיר פליִען,
ער דערציילט, ווי עס זײַנען דאָ הינטערן שטאָט
אין א קרעטשמע א צען באַלעגאָלעס פארפאָרן
און האָבן פון פעלציקע קעשענעס טיפע
געשלעפט גרויסע פלאַשן, ווי פיש פון א טײַך...
— אײַ, האָט מען א קרעמער די ביינער געבראָכן,
אז ס'זײַנען די אויגן פון קאָפּ אים געקראָכן.

האָט מען באַזעצט אים דערנאָך אין א ווינקל—
ער זאָל כאַטש דערפילן די טרוקענע קלעפּ...—
— ס'איז גוט, האָבן די באַלעגאָלעס געטראַכט,—
מיר האָבן מיט עפּעס כאָטש איצטער באַצאָלט אים
פאַר דעם, וואָס מיר האָבן אים יאָרן געשלעפּט...

און עס פרייט.
איך פאָר און איך זע ווי די זון יאָגט אונדז נאָך און זי לאָזט אונדז ניט
אָפּעט...

און אָט, אונטער זון אפ א באַרג אפ א הויכן
האָט זיך אופגעהויבן א שטעטל א נײַע
און ס'פלאַנצן אײַן מענטשן דאָ פּרוכטיקע ביימער,
וואָס וואָרצלען זיך אײַן דאָ אפ הימלעכער ערד.
עס טראָגט זיך אן אַלטער קאָלווירטניק, אזוי ווי א יונג,
אפ א האַסטיקן פערד איבער זוניקע פעלדער און רײַט.
און בהימעס פּוזאַטע,
מיט בײַכער, וואָס שלעפּן זיך איבער דער ערד דאָ,
מיט העלדזער, וואָס זײַנען אין רויטקײַט געלאַטעט,
שפּאַצירן אפ פעלדער געלאַסן פאַמעלעך,
בהימעס, וואָס זײַנען שוין באַלד אפ דער צײַט.

איך זע דאָ, ווי ס'האָט זיך מײַן יוגנט צעוואַקסן,
בא וועמען דאָס לאַנד, ווי דאָס לעבן איז טײַער,
וואָס שטײַגט אַלץ אין הויך און איז נאָך ניט באַנוגנט.
שטיי איך, און זאָג צו זיך!—כאַוועך,
ווי שיין ס'איז, ווען מענטשן פאַרפלאַנצן א שיינע דערהויבענע יוגנט!..

# די זיגן פון סאָציאַליזם און דער אופבלי פון דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע

דער 7־טער סאָוועטנצוזאמענפאָר פון פסםר, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן באַם שאַרפן אופשטײַג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, האָט געעפנט א נײַ זײַטל אין דער עפּאָכע פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. צו די ארבעטן פון צוזאמענפאָר האָבן זיך שטארק צוגעהערט די מיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסן ניט נאָר פון סאָוועטן־לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד. די פּאָרטראַגן אפן צוזאמענפאָר, ווו עס זײַנען באַלויכטן געוואָרן די וויכטיקסטע פראַגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, זײַנען אַלזײַטיק באהאנדלט געוואָרן ניט נאָר דורך די דעלעגאַטן, נאָר האָבן באַקומען אומיטלבארע הייסע אָפּרופן אפ די זאוואָדן און אין די קאָלווירטן פון אונדזער ראַכוועסדיקן הײמלאַנד. אין די באַשלוסן פון צוזאמענפאָר, אין די טויזנטער רעזאָליוציעס, וואָס זײַנען אָנגענומען געוואָרן אפ די פאַרזאמלונגען פון די ארבעטער און קאָלווירטניקעס, איז אויסגעדריקט געוואָרן דער ווילן פון די מיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסן פון סאָוועטנלאַנד און די האָפענונגען פון צענדליקער מיליאָנען פרײַנט און מיטקעמפער אונדזערע אין אויסלאַנד. אין די דאָזיקע באַשלוסן, אין די דאָזיקע רע־זאָליוציעס האָבן די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן־פײַנטלעכע עלעמענטן, וואָס ווערן ליקווידירט, אויסגעלייענט זייער ענדגילטיקן אורטייל. און די, וואָס טראָגן זיך נאָך ארום מיט אן אײַנגע־רעדטער אידיי פון א מילכאָמע־אָנפאַל אפן סאָציאַליסטישן לאַנד, האָבן אין די פּאָרטראַגן און ארויסטרעטונגען אפן צוזאמענפאָר באַקומען גענוג באַווײַזן פאַר דעם, אז דער סאָ־וועטנפארבאַנד איז גרייט צו שטעלן „א צעשמעטערנדיקן ווידערשטאַנד, קעדיי זיי זאָלן ניט רוקן זייער כאַזערשן שנוק אין אונדזער סאָוועטישן גאָרטן" (סטאַלין). און פאַרקערט: אַלע ווירקלעכע פרײַנט פון שאָלעם האָבן באַקומען א נײַעם באַווײַז פון דעם, אז דאָס לאַנד פון די סאָוועטן האָט זיך אומגעהויער פארשטארקט און האָט בעדייע אויך אפ ווײַ־טער צו פירן איר אויסגעפּרוּווטע שאָלעם־פּאָליטיק.

דער סאָוועטן־צוזאמענפאָר—דער פולמעכטיקטער באַלעבאָס פון אונדזער סאָציאַליסטישן הײמלאַנד — איז געווען א מעכטיקע דעמאָנסטראַציע פון דער איינהײט און אַמזערנער באַהעפטקײַט פון די ארבעטנדיקע ארום זייער לײַבלעכער סאָוועטנמאַכט, ארום דער מאָנאָליטער, לעניניִשער פאַרטיי, ארום זייער פירער—דעם באַליבטן ס ט א ל י נ ע נ. דער סאָוועטן־צוזאמענפאָר איז געווען די גראַנדיעזסטע דעמאָנסטראַציע פון די דערפאָלגן און זיגן פון סאָציאַליזם, וואָס האָבן א וועלט־היסטאָרישע באַדײַטונג. דער צוזאמענפאָר האָט ניט נאָר אונטערגעצויגן די סאַכאַקלען פון אונדזער קאַמף און זיגן אפ אַלע באַצירקן פון

דער סאָציִאַליסטישער בויונג, נאָר האָט אויכ געגעבנ א פערספעקטיוו פונ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט.

די דאָזיקע פערספעקטיוו איז קלאָר אָנגעמערקט אינעמ באשלוס פונ פעוראל־פלענומ פונ צק אלקפ(ב), וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ לויט דער איניציִאטיוו פונ כ׳ סטאלינ, אונ אינ דער באשטימונג פונ 7־טנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר איבערנ פאָרטראג פונ כ׳ מאָלאָטאָוו וועגנ ארײַנטראָגנ ענדערונגענ אינ דער פארבאנדישער קאָנסטיטוציע אינ דער ריכטונג פונ ווײַטערדיקער דעמאָקראטיזאציע פונ דער וואל־סיסטעמ אונ פארפינקטלעכנ דעמ סאָציִאַל־עקאָנאָמישנ גרונט פונ דער קאָנסטיטוציע פונ סאָוועטנפארבאנד אינ איינקלאנג מיט די דערפאָלגנ אינ דער זאכ פונ פארפעסטיקנ אונ אנטוויקלענ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, אינעמ אויסבויענ דעמ סאָציִאַליזמ אינ אונדזער לאנד.

אינ די פאָרטראגנ פונ כ׳ מאָלאָטאָוו איז געגעבנ א טיפער מארקסיסטיש־לענינישער אנאליז פונ דעמ עטאפ, וואָס איז דורכגעגאנגענ צווישנ דעמ 6־טנ אונ 7־טנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָרנ. אינעמ פאָרטראג וועגנ ענדערנ די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע האָט כ׳ מאָלאָטאָוו מיט בולטע פאקטנ אונ ציפערנ אונטערגעפירט די סאכאקלענ פונ די לעצטע נײַנ יאָר— פאר דער צײַט זינט דעמ 14־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר, דעמ צוזאמענפאָר פונ אינדוסטריִאַליזאציע,—די גראנדיִעזע סאכאקלענ פונ אונדזער קאמפ פארנ סאָציִאַליזמ אונטער דער גענִאַלער אָנפירונג פונ גרויסנ סטאלינ.

אינ 1925 י. האָט דער סאָציִאַליסטישער סעקטער פארמאָגט 48,8 פראָצ. פונ די פראָדוציר־פאָנדנ, דער קאפיטאליסטישער—6,5 פראָצ. אונ דער קליינסכוירעדיקער—44,7 פראָצ. אונ צומ 1935 י. האָט זיכ די פאנאנדערשטעלונג פונ די קרעפטנ שארפ געענדערט לטובֿת דעמ סאָציִאַליזמ: 95,81 פראָצ. פונ אלע פראָדוציר־פאָנדנ געהערנ שוינ דער סאָציִאַליסטישער ווירטשאפט—דער מעלוכע, די קאָלווירטנ, דער קאָאָפּעראציע; די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ זײַנענ ארויסגעשטויסנ אונ ליקווידירט געוואָרנ, אינ זייערע הענט זײַנענ געבליבנ אינגאנצנ 0,09 פראָצ. אונ די קליינסכוירעדיקע פריוואטע ווירטשאפט פארמאָגט אינגאנצנ 4,10 פראָצ. פונ די פראָדוציר־פאָנדנ.

די סאָציִאַליסטישע ווירטשאפט־פאָרמאציע איז געוואָרנ „די איינציק־הערשנדיקע אונ איינציק־אָנפירנדיקע קראפט אינ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט“.

„באמ איצטיקנ מאָמענט האָבנ די פרינציפנ פונ געזעלשאפטלעכנ אייגנטומ געזיגט אינ אלע צווײַגנ פונ דער פאָלקווירטשאפט, אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ. די אינדוסטריע אונ דער טראנספאָרט, אויסער קליינע אויסנאמענ, געפינענ זיכ אינ רעשוס פונ דער מעלוכע. די לאנדווירטשאפט איז אפ נײַנ צענטל ארומגעכאפט מיט קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ. דער קרעדיט אונ די בענק געפינענ זיכ אינ די הענט פונ דער סאָוועטנמאכט. דער סכוירע־אומזאצ איז אונטערגעוואָרפנ דער מעלוכע אונ דער סאָציִאַליסטישער קאָאָפּעראציע. פאר די לעצטע 2—3 יאָר איז דאָס סאָציִאַליסטישע אייגנטומ געוואָרנ דער יעסאָד פונ דער סאָוועטישער געזעלשאפט“ (מאָלאָטאָוו,—פאָרטראג אפנ 7־טנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר).

דאָס זײַנענ די וועלט־היסטאָרישע סאכאקלענ פונעמ קאמפ אונ זיגנ פונ סאָוועטישנ ארבעטער־קלאס אונ ארבעטנדיקנ פויערטומ אונטער דער אָנפירונג פונ דער לענינישער פארטיי אינדערשפיצ מיטנ גענִיאַלנ פירער, דעמ כ׳ סטאלינ. דאָס זײַנענ די סאכאקלענ פונ פארווירקלעכנ די גענעראלע פארטיי־ליניע צו אינדוסטריִאַליזירנ אונ קאָלעקטיוויזירנ דאָס לאנד, צומ פולשטענדיקנ זיג פונ סאָציִאַליזמ אינ פססר, רוסלאנד דאָס נעפּישע איז געוואָרנ רוסלאנד דאָס סאָציִאַליסטישע.

דאָס זײַנענ די סאכאקלענ פונעם קאמפ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטײַ פאר פראקטיש פארווירקלעכנ די לעניניש־סטאלינישע לערע וועגנ אויסבויען דעם סאָציִאליזם אינ אונדזער לאנד. די דאָזיקע לערע האָט אונדזער פארטײַ אײַנגעהאלטנ אינ פארביסענעם קאמפ קעגנ די „לינקע“ אונ רעכטע קאפיטוליאנטנ, קעגנ די פאררעטער פונ דער רעוואָלוציע. די פארטײַ, אָנגעפירט פונ גרויסנ סטאלינענ, האָט זיכ דערשלאָגנ אנטשיידנדיקע זיגנ פונ סאָציִאליזם.

די דאָזיקע זיגנ האָבנ מיר דערגרייכט אינ פארשארפטנ קלאסנ-קאמפ קעגנ די סאָנים פונ פראָלעטאריאט, קעגנ דעם באלעגופנטום, קעגנ די נעפ־לײַט, אינ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די רעכטע אונ „לינקע“ אָפאָרטוניסטנ, קעגנ דעם קאָנטר־רעוואָלוציִאָנערנ טראָצקיזם, קעגנ די רעכט־„לינקיסטישע“ קריפלענ. דער מערדערישער שאָס אינ סערגײ מיראָנאָוויטש קיראָוונ, די אויספאָרשונג אונ דער געריכט איבער דער זינאָוויעווישער אנטיסאָוועטישער אָפאָזיציע האָבנ באוויזנ, אז די זינאָוויעווישע גרופע האָט זיכ פארוואנדלט אינ א פארמאסקירטער ווײַסגווארדײיִשער אָרגאניזאציע, וואָס קלײַבט ניט איבער קײנע מיטלענ אינ קאמפ קעגנ דער פארטײַ אונ דער סאָוועטנמאכט. דער דאָזיקער ווײַסגווארדײיִש־פאשיסטישער שאָס איז אנ אויסזיכטלאָזער פרווו א קער טאָנ צוריק די ראָד פונ דער געשיכטע. אָבער דאָס דעמאסקירנ די זינאָוויעווישע אנטיסאָוועטישע גרופע, איר צווײפענימדיקע טאקטיק האָט באוויזנ, אז מע דארפ באדײַטנדיק פארשטארקנ די רעוואָלוציִאָנערע וואכזאמקײַט, קעדײַ דערשלאָגנ אלע רעשטלעכ פונ קלאסנ־סוינע.

די דערפאָלגנ פונ דער סאָוועטנמאכט, אירע וועלט־היסטאָרישע זיגנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטײַ, אדאנק די קרעפטנ, וואָס זײַנענ אײגנכימלעכ בלויז דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט־סיסטעם.

דער כ׳ סטאלינ, אונטערפירנדיק די סאכאקלענ פונ ערשטנ פינפיאָר אפנ יאנואר־פלענום (1933 י.) פונ צק אונ צקק, האָט געזאָגט:

„ווו זײַנענ יענע גרונט־קרעפטנ, וואָס האָבנ פאר אונדז געזיכערט דעם דאָזיקנ היסטאָרישנ זיג, ניט געקוקט אפ אלצ?

דאָס איז פריִער פונ אלצ די אקטיווקײַט אונ זעלבסטאָפפערדיקײַט, דער ענטוזיִאזם אונ איניציִאטיוו פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס, וועלכע האָבנ, צוזאמענ מיט די אינזשעניר־טעכנישע קרעפטנ, אנטוויקלט א קאָלאָסאלע ענערגיע אפ פאנאנדערוויקלענ דעם סאָציִאליסטישנ געוועט אונ שלאָגלערײַ. עס קענ ניט זײַנ קײנ צווייפל, אז אָנ דעם אומשטאנד וואָלטנ מיר ניט געקאָנט זיכ דערשלאָגנ דעם ציל, מיר וואָלטנ ניט געקאָנט א רוק טאָנ זיכ פאָרויס אפ קײנ אײנ טראָט.

דאָס איז, צווייטנס, די פעסטע אָנפירונג פונ דער פארטײַ אונ רעגירונג, וועלכע האָבנ גערופנ די מאסנ פאָרויס אונ זײַנענ בײַגעקומענ אלע אונ אלערלײ שוועריקײַטנ אפנ וועג צום ציל.

דאָס זײַנענ, ענדלעכ, די באזונדערע מײַלעס אונ פאָרצוגנ פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט־סיסטעם, וואָס אנטהאלט אינ זיכ קאָלאָסאלע מעגלעכקײַטנ, וועלכע זײַנענ נײטיק אפ בײַקומענ אלע אונ אלערלײ שוועריקײַטנ“.

דאָס זײַנענ די „סוידעס“ פונ די באָלשעוויסטישע זיגנ. די דאָזיקע זיגנ זײַנענ ניט צוטריטלעכ פאר דער קאפיטאליסטישער סיסטעם, אונ פאר אירע אידעאָלאָגנ זײַנענ זײ פאָשעט אומפארשטענדלעכ. די פלאפלערײַ וועגנ דער „פלאנירונג“, „אָרגאניזירטקײַט“ פונ דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט איז פריִער פונ אלצ א פאָרהאנג, וואָס פארשטעלט דעם אָנ־

גריפ פונ קאַפּיטאַל אַפנ קאַפּצאָנישנ לעבנ־ניוואָ פונ ארבעטער־קלאַס אונ פונ די ברייטסטע ארבעטנדיקע מאסנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

ס'זײַנענ פאַראַנ צוויי ליניעס פונ דער וועלט־אנטוויקלונג: איינע א קאַפּיטאַליסטישע, וואָס באַזירט זיכ אַפ דער הערשאַפט פונ דער עקספּלואַטאַציע, וואָס פירט צו אַלצ א גרעסערער פאַראָרעמונג פונ די ברייטע פאָלק־מאסנ, אונ די צווייטע—א סאָציאַליסטישע, וואָס באַזירט זיכ אַפנ אומאָפּנויגלעכנ וווּקס פונעמ וווילשטאַנד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, וועלכע האָבנ זיכ אַפ שטענדיק באַפרײַט פונ קנעכטשאַפט, פונ עקספּלואַטאַציע. דאָרט, אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז וואַקסנדיקער יאָכ אונ רעכטלאָזיקײַט פונ די פאָלק־מאסנ, אַלצ א גרעסערע פּאַשיזאַציע, וואָס גייט דורכ אונטערנ צייכנ פונ אויסנוצנ די מעלוכע־מאַשינ אַפ צו דערשטיקנ די עקספּלואַטירטע מאסנ. דאָ, אינ סאָוועטנלאַנד, איז א שטורמיש־וואַקסנדיקע פּאָליטישע אַקטיווקײַט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, א פאַנאַנדערוויקלונג פונ סאָוועטישנ דעמאָקראַטיזמ, פאַרפעסטיקונג פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז געווענ'עט מיט איר שאַרפ קעגנ די קלאַסנ־סאָנימ,—די „פּאַטערלענדישע" אונ פונ יענער זײַט גרענעצ,—קעגנ אַלע, וואָס פאַרמעסטנ זיכ אַפנ סאָציאַליסטישנ אייגנטומ אונ אַפ די רעכט פונ די ארבעטנדיקע, וואָס איז דעראָבערט געוואָרנ דורכ דער רעוואָליוציע.

אַנאַליזירנדיק די עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ, האָט לענינ געשריבנ: „דער פּאָליטישער אויבערבוי איבער דער נײַער עקאָנאָמיק, איבערנ מאָנאָפּאָליסטישנ קאַפּיטאַליזמ... איז דער קער פונ דעמאָקראַטיע צו פּאָליטישער רעאַקציע. דער מאָנאָפּאָליע אַנטשפּרעכט די פּאָליטישע רעאַקציע...

סײַ אינ דער אויסערלעכער פּאָליטיק, סײַ אינ דער אינערלעכער שטרעבט דער אימפּעריאַליזמ אַלצייַנס צו רעאַקציע, ברעכנדיק די דעמאָקראַטיע. אינ דעמ זינ איז אומבאַשטרײַטבאַר, אַז דער אימפּעריאַליזמ איז „אַנ אָפּלייקענונג פונ דער דעמאָקראַטיע אינ אַלגעמיינ, פונ דער גאַנצער דעמאָקראַטיע..."

אינ דער עפּאָכע פונ אַלגעמיינעמ קריזיס פונ קאַפּיטאַליזמ, ווענ „דער געשפּענסט פונ קאָמוניזמ" איז געוואָרנ א רעאַלע זאַכ, האָט זיכ די רעאַקציע אינ די לענדער פונ קאַפּיטאַליזמ פאַרשטאַרקט מיט אַנ אומגעהויערער שאַרפקײַט. נאָכ אינ 19־טנ יאָרהונדערט האָט זיכ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער לאָזונג „פרײַהײַט, גלײַכהײַט אונ ברידערלעכקײַט" זייער אָפט פאַרוואַנדלט, לויט מאַרקס אויסדרוק, אינ א דרײַ־אייניקײַט: קאַוואַלעריע, אַרטילעריע אונ אינפאַנטעריע. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע איז שטענדיק געווענ בלויז א פאָרמ פונ דער דיקטאַטור פונ דער בורזשואַזיע. „די אָרעמע,—ווי ס'האָט געזאָגט לענינ,—האָבנ מיט איר ניט צו טאָנ!" אָבער ווי נאָר דער אָרגאַניזירטער ארבעטער־קלאַס האָט זיכ געפּרוווט אויסנוצנ די בורזשואַזע „פרײַהייטנ", האָבנ די הערשנדיקע קלאַסנ זיכ ניט אָפּגעשטעלט פאַרנ צוניפּוויקלענ דיראָזיקע „פרײַהײַטנ". אַזאַ פאַרשמעלערנ, אַזאַ אָפּזאָגנ זיכ פונ די דעמאָקראַטישע פאָרמענ פּראַקטיקירנ זיכ באַזונדערס ברייט אינ דער הײַנטצײַטיקער עפּאָכע, ווענ דער באָדנ אונטערנ קאַפּיטאַליזמ האָט אָנגעהויבנ צופיל גליִענ.

„מיט דעמ, אייגנטלעכ, דערקלערט זיכ דער פאַקט,—האָט געזאָגט דער כ' סטאַלינ אַפנ 17־טנ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר,—וואָס די הערשנדיקע קלאַסנ פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פאַרניכטנ פלײַסיק, אָדער דערפירנ צו גאָרנישט די לעצטע רעשטלעכ פונ פּאַרלאַמענטאַריזמ אונ פונ דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וועלכע קענענ אויסגענוצט ווערנ דורכנ ארבעטער־קלאַס אינ זײַנ קאַמפ קעגנ די אונטערדריקער, פאַרטרײַבנ אינ אונטערערד די

קאָמוניסטישע פארטייענ אונ גייענ אריבער צו אָפנ־טעראָריסטישע מעטאָדנ אפ פארהיטנ זייער דיקטאטור".

אפ אזא אופנ איז דער פאשיזם, אלס אָפענע טעראָריסטישע דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע, אופגעקומענ ניט בלויז צוליב דער שוואכקייט פונ ארבעטער־קלאס אונ צוליבנ פאראט פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, נאָר אויכ צוליב דער שוואכקייט פונ דער בורזשואזיע אליינ, וואָס קענ שוינ ניט אָפנארנ די מאסנ מיט די אלטע מעטאָדנ פונ פארלאמענטאריזם אונ פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע. אָט פארוואָס דער אלטער דעמאָקראטישער לאָזונג פונ „פירעקל" (אלגעמיינע, דירעקטע, גלייכע אונ געהיימע וואלרעכט) איז איצט אָפגעוואָרפנ געוואָרנ, אָדער ער ווערט אָפגעוואָרפנ אינ די בורזשואזע לענדער. ווי ס'האָט אָנגעוויזנ דער כ' מ אָ ל אָ ט אָ וו אינעם פאָרטראג אפנ 7־טנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר, איז דער הײַנטצײַטיקער לאָזונג פונ די „פירנדיקע קליקעס פונ דער בורזשואזיע אונ פונ זייער פאשיסטישער אגענטור"—„קיינ שום צוטרוי צו די פאָלק־מאסנ!"

„פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע אונ פארלאמענטאריזם צו אָפענער, טעראָריסטישער מאכט פונ קאפיטאל איבער די ארבעטנדיקע אונטער דער פאשיסטישער פאָנ—אזא איז דער אנטוויקלונג־וועג פונ די בורזשואזע לענדער פארנ לעצטנ פעריאָד" (מאָלאָטאָוו. פאָרטראג וועגנ די ענדערונגענ אינ דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע).

מע דארפ דערבײַ האָבנ אינ זינענ, אז דאָס פארלאמענטארישע „פירעקל", וואָס איז א מער פראָגרעסיווע וואל־סיסטעם אינ פארגלײַכ אפילע מיט די צארישע דומעס, איז אינ די בורזשואזע לענדער קיינמאָל ניט פארווירקלעכט געוואָרנ.

דאָס „אלגעמיינע" אונ „גלײַכע" וואלרעכט איז שטענדיק „קאָרעגירט" געוואָרנ מיט פארשיידענערליי „וואל־צענזנ" ד. ה. מיט אזוינע באדינגונגענ, לויט וועלכע קיינ וואל־רעכט האָבנ זיי ניט „לויטנ געזעצ": די יוגנט (אזויגערופענער „עלטער־צענז"), פרויענ („געשלעכט־צענז"); די אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע קענענ ניט קיינ גראמאָטע אונ די שפראכ פונ די אונטערדריקער („בילדונג־צענז"); ניט פארמעגלעכע שיכטנ („פארמעגנ־צענז") די ארבעטלאָזע אונ ארבעטער, וועלכע זײַנענ געצוווּנגענ צו ענדערנ דעם וווינ־אָרט, זוכנדיק ארבעט, האָבנ אויכ ניט קיינ וואל־רעכט („צענז פונ אײַנגעזעסנקײַט"). אינ א ריי בורזשואזע לענדער איז אײַנגעשטעלט אנ אונטערשייד צווישנ אקטיווער וואל־רעכט (רעכט אויסצוויילנ) אונ פאסיווער (דאָס רעכט אויסגעוויילט צו ווערנ), העכערנדיק די צענז־פאָדערונגענ פאר די, וואָס ווערנ אויסגעוויילט. דאָס פאררייניקנ דידאָזיקע אלע געזעצלעכע מאָסמיטלענ מיטנ דירעקטנ דרוק אפ די וויילער אונ מיטנ אָפנארנ באַם אונטערפירנ דעם סאכאקל—אזא איז דער ווירקלעכער טאָכ פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, וואָס איז בלויז איינע פונ די פאָרמענ פונ דער דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע.

דער מארקסיזם־לעניניזם שטעלט אנטקעגנ דעם בורזשואזנ פארלאמענטאריזם, דער בורזשואזער דעמאָקראטיע—די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, וואָס געבוירט א נײַע העכערע פאָרם פונ דעמאָקראטיזם: די פראָלעטארישע סאָוועטישע דעמאָקראטיע.

אָנשטאָט דער פארשמעלערטער, פאלשער בורזשואזער דעמאָקראטיע ווערט אינ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע געבוירנ „א דעמאָקראטיע קימאט א פולע, וואָס איז באגרענעצט בלויז דורכנ דערשטיקנ דעם ווידערשטאנד פונ דער בורזשואזיע" (לענינ).

די דערפאָלגנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס זײַנענ באדינגט דורכ דער אקטיווקײַט פונ די מאסנ, די זיגרײַכע בויונג פונ סאָציאַליזם געבוירט אלצ נײַע אונ אלצ מער העכערע פאָרמענ פונ סאָוועטישנ דעמאָקראטיזם. די סאָוועטישע דעמאָקראטיע איז

אַ פאָרמ פונ אַרײַנציִען די אַרבעטנדיקע מאַסן ניט נאָר אינ דער אָנפירונג מיט דער מע־
לוכע, נאָר אויכ אינעם אָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע פראָדוקציע. דער גאַנצער וועלט
איז באַוווּסט אַפ וואָס פאַרא הויכ עס זײַנען באַ אונדז אויפגעהויבן געוואָרן דער סאָצ־
גוועט און שלאָגלערײַ, דאָס שעפטומ און סאָצפאַרטרעטערשאַפט—דידאָזיקע נײַע פאָרמען
פונ דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע.

אַפן 7־טן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר האָט דער כ׳ מ אָ ל אָ ט אָ וו פאָרגעלייענט די סאַכאַקלען
פונ דער לעצטער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט געגעבן אַ נײַעם אויפבלי פונ סאָוועטישן
דעמאָקראַטיזם. די וואַלן אינ די סאָוועטן, ווי עס האָט געזאָגט דער כ׳ קאַגאַנאָוויטש,—
„איז די ערשטע שטופע און די ברייטסטע פאָרמ פונ אַרײַנציִען די ברייטסטע אַרבעטנ־
דיקע מאַסן אינ דער מעלוכישער בויונג״. די סאָוועטישע וואַל־סיסטעמ דינט באַ אונדז ניט
נאָר אַלס ווײַזער פונ רײַפקײַט פונ די אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר אויכ אַלס געצײַג פונ
אָרגאַניזירן, דערציִען און אַרײַנציִען זיי אינ דער אָנפירונג מיט דער מעלוכע.

בלויז אַפן גרונט פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג איז מעגלעכ דאָס וואַל־רעכט, וואָס
איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אינ פסטר פאַר 97,5 פראָצ. פונ דער גאַנצער דערוואַקסענער
באַפעלקערונג (פונ 18 יאָר און ניט פונ 21, 25, 30 יאָר א. א. וו., ווי אינ די בורזשואַזע
לענדער) אָן אונטערשייד פונ געשלעכט און נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט. דאָס איז—די
אַלגעמיינע וואַלרעכט, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער פולקײַט און
וואָס איז באַגרענעצט דורכן דערשטיקן די לעצטע ניט דערשלאָגענע רעשטלעכ פונ די
קלאַסן־פײַנטלעכע עלעמענטן, דערבײַ ווערט דער קרײַז פונ די וואַל־געפּאַסלטע אַלצ מער
און מער פאַרשמעלערט. 93% געקומענע אַפ די וואַל־פאַרזאַמלונגען פונ די שטאָטישע
ווײלער זײַנען מיטגלידער פונ די פראָפאַריינען (מענער און פרויען גלײַכ), 83%—דאָרפישע
ווײלער. אַן אומגעהויערער וווּקס פונ דער אַקטיווקײַט פונ אַלעמען און באַזונדערס פונ די,
פריִער, אַמערסטן דערשלאָגענע און אָפגעשטאַנענע שיכטן פונ דער באַפעלקערונג (צ. ב.
אינ טורקמעניע איז די אַקטיווקײַט פונ די פרויען אויסגעוואַקסן פונ 2,5% אָנטיילנעמער
אינ די וואַלן אינ 1927 י. ביז 73% אינ 1934 י.)—אינ דידאָזיקע סאַכאַקל־ציפערן פונ
דער לעצטער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן באַקומען אַ בולטע אָפשפיגלונג די היסטאָרישע זיגן
פונ סאָציאַליזם, מיט וועלכע דאָס לאַנד פונ די סאָוועטן איז געקומען צו זײַן 7־טן סאָ־
וועטן־צוזאַמענפאָר.

דער סאַמע גראַנדיִעזער זיג פונ סאָציאַליזם באַשטייט אינ דעמ, וואָס „אינ דער סאָ־
וועטישער מעלוכע האָבן די אַרבעטער פונ שטאָט און די אַרבעטנדיקע פונ דאָרפ צום
ערשטן מאָל אינ דער געשיכטע זיכ באַהעפט אינ איינ פאַמיליע, אינ דער פאַמיליע בויער
פונ סאָציאַליזם. אינ דעמ איז די קראַפט פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג, וואָס באַזירט
זיכ אַפ דער אַנטוויקלונג פונ דער פראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע. און דערדאָזיקער פאַר־
באַנד פונ די אַרבעטער און פויערים אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער פאַרטיי האָט
באַ אַלעמען אַפ די אויגן אָנגעהויבן ווײַזן וווּנדער״ (מ אָ ל אָ ט אָ וו.—פאָרטראַג וועגן די
ענדערונגען אינ דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע).

די שווערסטע אויפגאַבע פונ דער פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, די אויפגאַבע סאָציאַ־
ליסטיש איבערבויען די פויערישע ווירטשאַפט, איז געלייזט. איצט האָבן זיכ פאַרן לאַנד
פונ געזיגטן סאָציאַליזם געעפנט נאָכ ברייטערע און גראַנדיִעזערע פערספּעקטיוון. וועגן
דידאָזיקע פערספּעקטיוון האָט קלאָר געזאָגט דער כ׳ מ אָ ל אָ ט אָ וו אַפן 7־טן סאָוועטן־
צוזאַמענפאָר:

„איבער וועלכנ וועג עס גייט די אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, איז קענטיק בעסער פונ אלצ איצט, ווענ אונדזער פארטיי האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ אייניקע ענדערונגענ אינ דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע. דערדאָזיקער וועג איז—אנטוויקלענ דעמ סאָוועטישנ דעמאָקראטיזמ ביזנ סאָפ".

אפנ גרונט פונ דידאָזיקע ענדערונגענ, וועלכע עס האָט פאָרגעלייגט דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי, לויט דער איניציִאטיוו פונ כ׳ ס ט א ל י נ, ווערט די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז דער יעסאָד פונ אלע אונדזערע געזעצנ, דערפירט ווערנ אינ איינקלאנג מיט די זיגנ פונ סאָציִאליזמ, וואָס מיר האָבנ אויסגעקעמפט.

לענינ האָט גערעדט וועגנ אונדזער ערשטער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, וואָס איז באשטעטיקט געוואָרנ אינ דער קאָמיסיע פונ צק אונטער זייַנ פאָרזיץ ערעוו דעמ 5־טנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר פונ רספסר, אינ 1918 י., אז אינ איר איז פארשריבנ געוואָרנ דאָס, וואָס עס איז אויסגעקעמפט געוואָרנ. דאנ האָבנ מיר געהאט אויסגעקעמפט: די מאכט, די עקאָנאָמישע קאָמאנדיר־הויכנ, עס איז מיט דערפאָלג אויסגעקעמפט געוואָרנ דער מיטלנ פויער אפ דער זייַט פונ פראָלעטאריאט. אָבער אונדזער רעפובליק האָט זיכ דאנ גערופנ סאָציִאליסטישע, ווי עס האָט אָנגעוויזנ לענינ, בלויז לויט איר פראָגראמ, אונ ניט דערפאר, ווייַל דער סאָציִאליזמ האָט שוינ געזיגט.

אונטער דער פאָנ פונ דער קאָנסטיטוציע פונ 1918 י. אונ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר, וועלכע עס האָט אויסגעארבעט אינ 1922—1923 י. דער כ׳ ס ט א ל י נ, האָט דאָס לאנד פונ די סאָוועטנ זיכ דערשלאָגנ דעמ זיג פונ סאָציִאליזמ; דאָס סאָציִאליסטישע אייגנטומ איז געוואָרנ דער ווירקלעכער יעסאָד פונ דער סאָוועטישער געזעלשאפט. דידאָזיקע אויסגעקעמפטע הויכנ דארפנ פארשריבנ ווערנ אינ דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע.

דער באשלוס, וועלכנ עס האָט אָנגענומענ דער 7־טער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר וועגנ דער ווייַטערדיקער דעמאָקראטיזירונג פונ דער סאָוועטישער וואל־סיסטעמ, גייט לויט דער ליניע: פארגלייַכנ אינ וואלרעכט די פויערימ מיט די ארבעטער; אייַנשטעלנ דירעקטע וואלנ ניט נאָר פונ די דאָרפ־אונ שטאָטסאָוועטנ, נאָר אויכ פונ די העכער־שטייענדיקע אָרגאנענ פונ דער סאָוועטנמאכט; לעצטנס, לויט דער ליניע פונ פארבייַטנ די אָפענע אָפשטימונג אפ דער פארמאכטער. דאָס אלצ שטעלט מיט זיכ פאָר א ריזיקער טראָט פאָרויס אינ דער אנטוויקלונג פונ סאָוועטישנ דעמאָקראטיזמ.

דער אונטערשייד אינ די פאָרשטייערשאפט־נאָרמעס פונ די ארבעטער אונ פויערימ אפ די סאָוועטנ־צוזאמענפאָרנ אינ דער אלטער קאָנסטיטוציע האָבנ געזיכערט „דעמ פאָרצוג פארנ אינדוסטריעלנ פראָלעטאריאט אינ פארגלייַכ מיט די מער צעשטויבטע קליינבירגערלעכע מאסנ אינ דאָרפ" (פראָגראמ פונ אלקפ(ב). די פארטיי האָט אינ איר פראָגראמ, וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ אינ 1919 י. אָנגעוויזנ אפ דעמ צייַטווייַליקנ כאראקטער פונ דידאָזיקע פאָרצוגנ, וואָס זייַנענ היסטאָריש פארבונדנ מיט די שוועריקייַטנ פונ סאָציִאליסטיש איבערמאכנ דאָס דאָרפ. איצט איז דאָס פויערטומ, וואָס איז אָרגאניזירט געוואָרנ אינ די קאָלווירטנ, דער ווירקלעכער אונ פעסטער אָנשפאר פונ דער סאָוועטנמאכט. דאָס פויערטומ אונטער דער אָנפירונג פונ פראָלעטאריאט האָט זיכ ענדגילטיק געשטעלט אפנ סאָציִאליסטישנ וועג, צערייַסנדיק אינ איר מאסע מיט דער קליינ־אייגנטימערישער ווירטשאפט. דאָס אויסגלייַכנ אינ די וואל־רעכט וועט ווערנ א מעכטיק געצייַג צו פארפעסטיקנ דעמ פארבאנד צווישנ פראָלעטאריאט אונ פויערטומ, א געצייַג אפ ענדגילטיק ליקווידירנ די דורעסדיקע אונטערשיידנ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ. דאָס פארברייטערנ די וואלרעכט פארנ

ארבעטנדיקנ פויערטומ, וואָס איז אינ זײַנ גרונט־מאסע א קאָלווירטישע, וועט נאָכ מערער פארפעסטיקנ די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, וועט ווערנ א מעכטיקער מיטל אפ נאָכ מער באהעפטנ די ארבעטער אונ פויערימ אינ אנ אײנהײַטלעכער סאָציאַליסטישער געזינד, פארהיטנדיק די אָנפירנדיקע ראָליע פונ ארבעטער־קלאס אינ דער בויונג פונ סאָציאַליזמ. דידאָזיקע רעפאָרמ וועט נאָכ מערער אופהויבנ דעמ אויטאָריטעט פונ דער סאָוועטנמאכט אינ די אויגנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ די קאפּיטאַליסטישע לענדער, ווו די בורזשואזיע באזײַטיקט זיי ענדגילטיק פונ דעמ אָנטייל אינ די איניאָנימ פונ דער מעלוכישער אָנפירונג. דאָס איז איר לעצטער מיטל צו פארפעסטיקנ איר דיקטאטור.

דאָס אריבערגײן פונ די פיל־שטופיקע וואלנ צו דירעקטע איז א מיטל צו פארפעסטיקנ די פארבינדונגענ מיט די ווײלער פונ אלע סאָוועטישע אָרגאנענ פונ אונטנ ביז אויבנ. ביז איצט זײַנענ דורכ די דירעקטע וואלנ אויסגעווײלט געוואָרנ בלויז די דעפּוטאטנ אינ די סאָוועטנ—אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ. די העכער־שטײענדיקע אָרגאנענ, די אויספירקאָמענ זײַנענ אויסגעווײלט געוואָרנ אפ די אנטשפרעכנדיקע סאָוועטנ־צוזאמענפאָרנ: אפנ ראַיאָנעמ, געגנטלעכנ, רעפּובליקאנישנ אונ, ענדלעכ, אפנ אלפארבאנדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר. דידאָזיקע אָרגאנענ זײַנענ אויסגעווײלט געוואָרנ לויט א פילשטופיקער סיסטעמ: פונ א צווײשטופיקער (דער ראַיאָנער צוזאמענפאָר פונ די דעלעגאטנ, וועלכע זײַנענ אויסגעווײלט געוואָרנ אינ די סאָוועטנ, האָט אויסגעווײלט דעמ ראַיויספירקאָמ אונ דעלעגאטנ אפנ קאַנטישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר) ביז דער פירשטופיקער (דער וציק אונ ציק פסטר פלעגנ אויסגעווײלט ווערנ אפנ צוזאמענפאָר פונ די דעלעגאטנ, וואָס זײַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ אפ די קאַנטישע סאָוועטנ־צוזאמענפאָרנ).

דאָס פארבײַטנ די פילשטופיקע וואלנ אפ דירעקטע וואלנ פונ אלע מאכט־אָרגאנענ וועט זיכערנ דאָס אײַנשטעלנ פונ אונטנ ביז אויבנ פונקט אזא ענגע פארבינדונג צווישנ די ווײלער אונ דעפּוטאטנ, ווי עס עקזיסטירט איצט אינ די אונטערשטע סאָוועטנ. די דירעקטע וואלנ ניט נאָר פונ די אָרטיקע סאָוועטנ, נאָר אויכ די צענטראלע אָרגאנענ פונ דער סאָוועטנמאכט, וועלנ נאָכ מער אופהויבנ זײער ראָל אונ אויטאָריטעט. „מיר באקומענ אפ אזא אויפנ,—זאָגט דער כ׳ מ אָ ל אָ ט אָ ו,—די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטנ־סיסטעמ, ווי א פארײניקונג צווישנ די דירעקט־אויסגעווײלטע אָרטיקע סאָוועטנ מיט די דירעקטע וואלנ פונ אײגנארטיקע סאָוועטישע פארלאמענטנ אינ די רעפּובליקנ אונ פונעמ אלפארבאנדישנ סאָוועטישנ פארלאמענט".

מארקס, רײדנדיק וועגנ דער פאריזשער קאָמונע, האָט אָנגעוויזנ אפ איר פרינציפּיעלנ אונטערשײד פונ די בורזשואז־פארלאמענטארישע אנשטאלטנ, וואָס איז באשטאנענ אינ דעמ, אז זי איז געווענ ניט קײנ „רײדארניע", נאָר אנ ארבעטנדיקע אָרגאניזאציע. לענינ האָט באזונדערס אונטערגעשטראָכנ די דאָזיקע מארקס אָנווײַזונג. אינ די צוגרײטונג־ארבעטנ צומ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" האָט לענינ געשריבנ: „ניט קײנ פארלאמענטארישער אנשטאלט, נאָר אנ „ארבעטנדיקער": אינ וועלכנ זינ „ארבעטנדיקער"? (a). אינ עקאָנאָמישנ: די טוער זײַנענ אירע מיטגלידער; (B) אינ פּאָליטישנ: ניט קײנ „רײדארניע", נאָר טאט, ניט קײנ אָפּזונדערונג, נאָר א פארײניקונג". דידאָזיקע סימאָנימ פונ דער קאָמונע—אנ ארבעטנדיקע אונ ניט קײנ פלאפלענדיקע אָרגאניזאציע—זײַנענ פולקאָמ פארווירקלעכט געוואָרנ אינ די סאָוועטנ, וואָס זײַנענ א פאָרזעצונג אונ די פארענדיקונג פונ דער דערפארונג פונ דער פאריזשער קאָמונע. די סאָוועטנ פונ די ארבעטער, פויערימ אונ רויטארמײער־דעפּוטאטנ—דאָס איז א נײַער העכערער טיפּ פונ די פאָרשטײערשאפט־אנשטאלטנ אינ

פאַרגלײַך מיט די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן; אין די סאָוועטן איז די געזעצגעבונג און דאָס אויספילן די געזעצן ד. ה. די דירעקטע אַרבעט פון דער אָנפירונג צונויפגעגאָסן און זײ שטעלן מיט זיך פאָר די גרונט־פונקציע פון די דעפוטאַטן.

ענדלעך, די דריטע ענדערונג—איז פאַרבײַטן די אָפענע װאַלן אף פאַרמאַכטע.

פאַר די סאָוועטן, פאַרן גאַנצן סאָוועטישן מעלוכישן אַפּאַראַט איז אַװעקגעשטעלט געװאָרן איצט, אַלס די װיכטיקסטע אופגאַבע, די נײטיקײַט צו פאַרשטאַרקן די לעבעדיקע פאַרבינדונג מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן און פאַרפעסטיקן דעם קאָנטראָל פון די מאַסן פון אונטן. דער איבערגאַנג צו פאַרמאַכטע װאַלן װעט פאָדערן נאָך מער פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונגען מיט די מאַסן, אַן אַלזײַטיקע אַרבעט מיט זײ און װעט װערן איינע פון די פאָרמען צו פאַרװירקלעכן דעם מאַסן־קאָנטראָל פון אונטן. צו לעצט, דער דאָזיקער איבערגאַנג װעט א קלאַפּ טאָן איבער די בירוקראַטישע עלעמענטן.

דאָס זײַנען די ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע, װעלכע עס האָט אָנגענומען דער 7־טער אַלפאַרבאַנדישער סאָוועטן־צוזאַמענפאָר. די ערשטע סעסיע פון ציק פסםר האָט אויסגעװײלט א קאָנסטיטוציע־קאָמיסיע אינדערשפיץ מיטן כ׳ סטאַלין. פאָלגנדיקע װאַלן װעלן דורכגעפירט װערן שױן אפן גרונט פון דער געענדערטער קאָנסטיטוציע.

דידאָזיקע ענדערונגען װעלן אויסגעצײכנט דינען דער זאַך פון װײַטער פאַרפעסטיקן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. זײ זײַנען שױן געװאָרן א זאַך, װאָס װערט באַהאַנדלט דורך די מיליאָנען האָרעפּאַשניקעס פון סאָציאַליסטישן הײמלאַנד, און האָבן אַרויסגערופן א נײַע כװאַליע פון אַקטיװקײַט און פּראָדוציר־ענטוזיִאַזם. דער װוּקס פון סאָוועטישן פּאַטריִאָטיזם, דער װוּקס פונעם באַװוּסטזײַן פון דער אײגענער קראַפט און איבערהאַנט, די נאָך גרעסערע זיכערקײַט אין ענדגילטיקן זיג—אָט דאָס זײַנען די געפילן, װעלכע עס האָט אַרויסגערופן בא די ברײטסטע מאַסן די מיטײלונג װעגן דעם היסטאָרישן באַשלוס פון 7־טן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר.

" „ "

גלײַך נאָכן 7־טן אַלפאַרבאַנדישן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר האָט זיך געעפנט דער 2־טער אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר פון די קאָלװירטניקעס־שלאָגלער. דאָ האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די העלדן און שעפער פון נײַעם לעבן, די בעסטע מענטשן פון קאָלװירטישן דאָרף, געשיקטע אפן צוזאַמענפאָר דורך די פאָרגעשריטנסטע קאָלװירטן. ניט לאַנג זײַנען נאָך פיל פון זײ געװען געװײנלעכע קאָלװירטניקעס. די שלאָגלערישע אַרבעט האָט זײ געמאַכט פאַר באַרימטע מענטשן פון זײער קאָלװירט, און הײַנט קען זײ דאָס גאַנצע סאָוועטנלאַנד און שטאָלצירט מיט זײ.

אינעם פאָרטראַג פון כ׳ ג. א. יעזשאָװ װעגן דער אַרבעט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע איז אָנגעװיזן געװאָרן, אַז 60,6% אָנטײלנעמער פון צוזאַמענפאָר זײַנען קאָלװירטניקעס, װעלכע זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין קאָלװירט אין פעריִאָד פון 1930—1935 י. י. אף אַזא אויפן זײַנען אפן צוזאַמענפאָר ברײט פאָרגעשטעלט געװען די קאָלװירטניקעס, װעלכע זײַנען פאַרהעלטנישמעסיק ניט לאַנג אַרײַנגעטראָטן אין קאָלװירט און האָבן דורך זײער שלאָגלערישער מוסטערהאַפטער אַרבעט פאַרדינט דעם הױכן צוטרױ אָנטײלצונעמען אינעם צוזאַמענפאָר פון די קאָלװירטניקעס־שלאָגלער.

בלויז אינ די באַרינגונגענ פונ דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע, אינ די באַדינגונגענ פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג איז מעגלעכ אַזאַ שנעלער וווּקס פונ די מענטשנ. וועגנ דעם ניט געזעענעם וווּקס ריידנ די העלע פאַרביקע ביאָגראַפיעס פונ די דעלעגאַטנ פונ צוזאַמענפאָר.

„מײַנ גאַנצנ לעבנ פונ קינדהײַט אָנ איז געווענ הונגעריק און פינצטער ווי ס'איז פינצ־טער די נאַכט. איצט בינ איכ אַ טראַקטאָריסט, איכ קאָנ צונויפקלײַבנ די מאַשינ, איכ קאָנ זי פאַנאַנדערנעמענ און ווידער צונויפקלײַבנ. איכ קאָנ אַלע טײלנ דורכקאָנטראָלירנ, אָפּרעמאָנ־טירנ, אונטערציִענ, צופאַסנ. איכ קוק אַפ דער מאַשינ, ווי אַפ די אײגענע 5 פינגער, איכ בינ אַ טעכניקער! און פריִער האָב איכ ניט נאָר ניט געקענט זיצנ באַם רודער, נאָענט צוגײנ צומ טראַקטאָר האָב איכ מוירע געהאַט. און ווער האָט אימ געוווּסט, ווער האָט וועגנ אימ געהערט אינ אונדזערע אַוילנ?“—דערציילט וועגנ זיכ דער כ' טאַנקינ בעקענ אַ מיטגליד, פונ פרעזידיִומ פונ 2־טנ אַלפאַרבאַנדישנ צוזאַמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער אַ דעלעגאַט פונ קאַזאַקישער אַססר. ער, פריִער אַ פינצטערער, ניט גראַמאָטנער קאַזאַק־פאַסטעכ, איז הײַנט געוואָרנ אַ קוואַליפיצירטער טראַקטאָריסט און אַ קאָמבײַנער, ער איז געזעסנ לעבנ דעמ כ' ס ט אַ ל י נ, און האָט געפירט די זיצונג פונ אַלפאַרבאַנדישנ צוזאַ־מענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער.

די אַרויסטרעטונגענ פונ די פרויענ—די אָנטײלנעמערנס אינ צוזאַמענפאָר—די כ'טעס שאַפאָוואַלאָווא, פעדאָטאָווא, דעמטשענקאָ, באַכאָלדינאַ, אַנגעלינאַ און פיל אַנדערע—זײַנענ באַזונדערס העל און אומפאַרגעסלעכ. דער צוזאַמענפאָר האָט זיכ אויסגעצייכנט מיט דער אומגעהויערער אַקטיווקײַט פונ די פרויענ־קאָלווירטניצעס. אַפנ צוזאַמענפאָר איז געווענ פאָרגעשטעלט 30,8% פרויענ—קימאַט אינ צוויי מאָל מער ווי אַפנ 1־טנ צוזאַמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער. אינ גרויסנ קרעמל־פאַלאַץ זײַנענ זיי געזעסנ אינ פרעזידיִומ, האָבנ מיט זיכערקײַט אָנגעפירט מיט דער קאָלאָסאַלער פאַרזאַמלונג, זײַנענ מיט זיכערקײַט אַרויסגעטראָטנ פאַרנ גאַנצנ לאַנד, האָבנ איבערגעגעבנ וועגנ די דערפאָלגנ פונ זײערע קאָלווירטנ און בריגאַדעס, האָבנ פאַנאַנדערגעוויקלט מערקווירדיקע פערספעקטיוונ פונעמ חײַנערדיקנ באַוועגנ זיכ אַפנ וועג פונ פאַרמעגלעכנ קאָלווירטישנ לעבנ, אַפנ וועג פונ קאָלווירטישער שעפע.

אַ געפיל פונ געזעצלעכער שטאָלצ מיט זײער וווּקס, אַ געפיל פונ ווירקלעכע באַלעבאַ־טימ פונ לעבנ האָט דורכגעלויכטנ אינ די דאָזיקע זיכערע אַרויסטרעטונגענ פונ די קאָל־ווירטניקעס און קאָלווירטניצעס.

„מיר בויענ אַ פרעכטיק לעבנ“, — האָט גערעדט די אָנטײלנעמערנ פונ צוזאַטענפאָר. דער מ סטער־סטאַטוט פונ לאַנדווירטשאַפטלעכנ אַרטעל, וואָס וועט העלפנ מאַכנ אַלע קאָל־ווירטנ פאַר באָלשעוויסטישע און אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פאַרמעגלעכע, איז אויסגעאַר־בעט און זאָרגזאַמ באַהאַנדלט געוואָרנ דורכ די דעלעגאַטנ פונ 2־טנ צוזאַמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער צוזאַמענ מיטנ כ' ס ט אַ ל י נ. דערדאָזיקער סטאַטוט איז מיט רעכט אָנגערופנ געוואָרנ סטאַלינישער סטאַטוט פונ קאָלווירטישנ לעבנ. אינ אימ זײַנענ אויסגעדריקט די קלוגע אָנווײַזונגענ פונ כ, ס ט אַ ל י נ, וועלכע פירנ ווײַטער דאָס קאָל־ווירטישע פויערטומ אַפנ וועג פונ אַ קולטורעלנ פאַרמעגלעכנ רײַכנ לעבנ, אינ אימ איז קאָנצענטרירט די גאַנצע קאָלאָסאַלע דערפאַרונג פונ דער קאָלווירטישער בויונג.

דער נײַער מוסטער־סטאַטוט באַווײַזט אַלע קאָלווירטנ, וויאַזוי מע קענ אינ 2—3 יאָר דעריאָגנ די פאָרויסגייענדיקע קאָלווירטנ, וויאַזוי צו העכערנ די פראָדוקטיווקײַט פונ דער

ערדארבעט, צו דערשלאָגנ זיכ א ראַיכע גערעטעניש, ווי ריכטיק אָרגאַניזירנ די ארבעט, העכערנ די דיסציפּלינ. דער נייַער סטאטוס הויבט אופ אפ א גרויסער הויכ די ראָל פונ דער אלגעמײנער פארזאמלונג פונ קאָלווירט. דאָס רעדט נאָכאמאָל וועגנ דעמ אופבלי פונ דער סאָוועטישער דעמאָקראטיע, וואָס הויבט אופ אקטיוו אָנטיילנעמענ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג אלצ נייַע אונ נייַע צענדליקער מיליאָנ ארבעטנדיקע פונ שטאָט אונ דאָרפ.

א קאָלאָסאלע פּרינציפּיעלע אונ פּראקטישע באַדייַטונג האָט דער פּונקט פונ סטאטוט, וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ לויטנ פאָרשלאָג פונ כ׳ סטאַלינ אונ וואָס דעקלארירט אז די קאָלווירטניצעס באקומענ א כוידעשדיקנ אורלויב פארנ געבוירנ אונ א כוידעש אורלויב נאָכנ געבוירנ אונ פאר זיי וערט פארהיט א העלפט פונ ארבעט־טעג, וואָס ווערנ דורכשניטלעכ אויסגעארבעט.

דאָס באהאנדלענ דעמ נייַעמ מוסטער־סטאטוט, דעמ סטאלינישנ סטאטוט פונ קאָלווירטישנ לעבנ, דאָס באשטעטיקנ אימ אפ די אלגעמיינע פארזאמלונגענ פונ די קאָלווירטנ איז איינער פונ די מאָמענטנ פונעמ ווייַטערדיקנ פאנאנדערוויקלענ די סאָוועטישע דעמאָקראטיע.

די געדאנקענ פונ אלע כאווירימ, וועלכע זייַנענ ארויסגעטראָטנ אפנ צוזאמענפאָר, זייַנענ געווענ די גאנצע צייַט געווענדעט דעמ כ׳ סטאלינ, וועלכנ מיר האָבנ אינ דער ערשטער ריי צו פארדאנקענ די זיגנ פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג, ווי אויכ די אלע זיגנ פונ סאָציאַליזמ. אונ אנ עמעסער שטורעמ פונ אנטציקונג, ענטוזיאזמ פלעגט זיכ אופהויבנ אינ זאל, ווענ דער צוזאמענפאָר באגריסט דעמ באליבטנ פירער אונ לערער פונ דער פארטיי אונ פונ גאנצנ ארבעטנדיקנ פאָלק. מיט אנ אויסשליסלעכער ווארעמקייַט אונ ליבע דערמאָנענ די אָנטיילנעמער פונ צוזאמענפאָר וועגנ זייערע באגעגענישנ אונ געשפרעכנ מיטנ כ׳ סטאלינ, וועגנ זייַנע ארויסטרעטונגענ אינ דער קאָמיסיע אפ אויסארבעטנ דעמ מוסטער סטאטוט פונ לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל.

סייַ דעמ 1־טער אלפארבאנדישער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר, סייַ דער 2־טער אלפארבאנדישער צוזאמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער האָבנ נאָכאמאָל באוויזנ, אפ וויפל עס איז אויסגעוואקסנ פאר דידאָזיקע יאָרנ די מעכטיקייַט פונ סאָוועטנפארבאנד. די ארבעטנדיקע פונ פּסטר, וועלכע בויענ א פרעכטיקנ פריידיקנ לעבנ, וועלכע הויבנ אלצ העכער אונ העכער די גרויסארטיקע געבייַדע פונ סאָציאַליזמ, וועלנ קיינעמ ניט אָפּגעבנ זייערע דעראָבערונגענ. פארמאָגנדיק א מאָדערנע טעכניק, אויסלערנענדיק זיכ באגיינ מיט איר, זייַנענ זיי גרייט יעטווידער מאָמענט צו שטעלנ א צעשמעטערנדיקנ ווידערשטאנד קעגנ אלע פּרווונ פונ אנ אינטערווענצ, פונ א באוואָפנטנ אָנפאל אפ אונדזער היימלאנד.

וועגנ דעמ האָט גלענצנדיק געזאָגט דער בריגאדיר פונ טראקטער־אָטריאד פונ סטאלינגראדער קאנט כ׳ שעססאָפּאלאָוו: „אויב מע וועט דארפנ, וועלנ מיר, דאָנער קאָזאקנ־קאָלווירטניקעס, לויטנ ערשטנ רופ פונ דער פארטיי גייַנ אפ אונדזערע שטאָלענע פערד מיט אונדזער ברוסט פארטיידיקנ אונדזער סאָוועטנפארבאנד״.

די לענינישע פארטיי, אינדערשפּיצ מיטנ באליבטנ פירער פונ אלע ארבעטנדיקע דער כ׳ סטאלינ, פירט אונדזער לאנד צו נייַע הויכנ פונעמ אופבלי פונ סאָוועטישנ דעמאָקראטיזמ. די סאָוועטישע סיסטעמ עפנט נייַע מעגלעכקייַטנ אינ געביט פונ ארייַנציִענ אלצ ברייטערע מאסנ אינ דער אקטיווער סאָציאַליסטישער בויונג.

(„באָלשעוויק״).

# וועגן די באַשלוסן פון די פּאַרטיי-קאָמיטעטן פון פאָלקאָמבילד און פון פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע שרײַבער וועגן דעם איניען פון כ׳ דונעץ

## באַשטימונג פון ביוראָ פון מינסקער שטאָטקאָם קפּ(ב)וו פון 3־טן פעווראַל 1935 י.

1. באַטראַכטנדיק דעם מאַטעריאַל און די באַשלוסן פון די פּאַרטקאָמען פון פאָלקאָמבילד און פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער וועגן דעם איניען פון כ׳ דונעץ און אויסהערנדיק זײַנע פּערזענלעכע דערקלערונג און מעלדונג, האַלט די ביוראָ פון שטאָטקאָם קפּ(ב)וו פאַר פעסטגעשטעלט, אַז דער כ׳ דונעץ האָט אין משך פון אַ ריי יאָרן דורכגעשלעפּט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע קאָנטראַבאַנדע אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אין 1933 יאָר איז אונטער דער רעדאַקציע פון כ׳ דונעץ אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס ביכל „גרענעצן״ פונעם שרײַבער יודלסאָן, אין וועלכן עס ווערט פּראָפּאַגאַנדירט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַנטיסאָוועטישע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע פּלאַטפאָרם, וואָס דריקט זיך אויס אין: אָפּלייקענען די מעגלעכקײַט פון אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד; רעכילעסדיקן באַשולדיקן דעם סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט אין נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט; אין אָפּלייקענען דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון אונדזערע אונטערנעמונגען און פאַרגלײַכן זיי מיט די מיליטעריש־אימפּעריאַליסטישע אונטערנעמונגען „שקאָדאַ״ א. אַנד.

דער כ׳ דונעץ, אַלס ליטעראַרישער קריטיקער האָט ניט נאָר ניט אויפגעדעקט דעם טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישן נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער פון אַבטשוקס בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1927 י., נאָר, פאַרקערט, ער האָט אין זײַנע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן הייס פאַרטיידיקט, פּראָפּאַגאַנדירט עס און איז אָנגעפאַלן אָף די מינדסטע פּרווון פון קריטיקירן (פּלענום פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער אין דעקאַבער־כוידעש).

אפילו אין דעם ניט לאַנג אַרויסגעגעבענעם בוך פון כ׳ דונעץ „אָף ליטעראַרישע טעמעס״, פּאָפּוליאַריזירט דער אויטער מיט אַלע מיטלען דאָס טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע, שאָוויניסטישע, רעאַקציאָנערע ביכל פון אַבטשוקן, אַרויסשטעלנדיק עס אַלס מוסטער, אין וועמעס ריכטונג עס דאַרף גיין די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

2. דאָס אַלץ, ווי אויך די לעצטע האַנדלונג פון כ׳ דונעץ, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין „אויסבעסערן״ דעם לייטאַרטיקל אין דער וואַנטצײַטונג פון פאָלקאָמבילד (דונעץ איז ניט קיין מיטגליד פון רעדקאָלעגיע, ניט קיין מיטגליד פון פּאַרטקאָם), אויסמעקנדיק פון אים די פּאַרטייִש־פאַרשאַרפטע פאָרמולירונגען, וואָס זײַנען געווענדעט צום קאַמף מיט די

קלאַסנ־סאָנים, ווײַסגוואַרדייער—זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישע אויסוווּרפנ, זאָגט איידעס וועגנ דעם, אז דונעצ האָט אינ זײַנ גאַנצער טעטיקײַט דורכגעשלעפט קלאַסנ־פײַנטלעכע, טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע אָנשוויונגענ.

3. די דאָזיקע גאַנצע אַנטיפּאַרטייִשע, קלאַסנ־פײַנטלעכע טעטיקײַט פונ דונעצנ איז א דירעקטער רעזולטאַט פונ דער נאָכ ניט אויסגעלעבטער בא אים בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער פאַרגאַנגענהײַט (שטאַמט פונ א בורזשואַזער פאַמיליע, דאָס זײַנ 7 יאָר 1913—1920 אינ דער פאַרטיי „ס.ס.״), באַווײַזט טאַקע, אז ער האָט קיינמאָל ערנסט ניט פאַרנומענ זיכ מיט אויסלערנענ דעם מאַרקסיזם־לעניניזם, קאַריעריסטיש צודעקנדיק זיכ אויסערלעכ מיט פאַלשע פראַזנ, אויסגענוצט דעם צוטרוי, וואָס אים איז אַרויסגעוויזנ געוואָרנ, קעדיי דורכצושלעפנ בורזשואַז־קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס.

4. דער כ׳ דונעצ, באַנוצנדיק זיכ מיט דער אונטערשטיצונג פונ די פאַרטייִשע סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, אויסנוצנדיק דעם אויטאָריטעט וואָס איז אים געשאַפנ געוואָרנ אפּ צו שאַפנ מישפּאָכעדיקײַט, גרופּלערײַ, אַלגעמיינע אָרוועס צווישנ באַזונדערע ייִדישע שרײַבער (בראָנשטיינ, כאַריק) האָט פאַקטיש טאָרמאָזירט דאָס פאַנאַנדערוויקלענ די באָלשעוויסטישע קריטיק אונ זעלבסטקריטיק אונ דאָס אויפדעקנ די טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע, נאַציאָנאַליסטישע קאָנטראַבאַנדע אינ דער ייִדישער ליטעראַטור.

5. די פאַרטקאָמענ פונ פאָלקאָמבילד, פונ ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג אונ הויפּטליט, האָבנ טרויענדיק דונעצנ, ניט אויפגעדעקט באַצײַטנס די אַנטיפּאַרטייִשע, קלאַסנ־פײַנטלעכע טעטיקײַט פונ דונעצנ אונ האָבנ אַנטשיידנ געשטעלט די דאָזיקע פראַגע בלויז נאָכנ באַווײַזנ זיכ פונ דער אַנטיפּאַרטייִשער אומדערלאָזבאַר־כוצפּעדיקער האַנדלונג מיט דער וואַנטצײַטונג, וועלכע דונעצ האָט באַפוילנ אַראָפּנעמענ אונ אַרײַנגעטראָגנ אַזעלכע „אויסבעסערונגענ״, וועלכע האָבנ פאַרשמירט די גאַנצע פאַרטייִשע פאַרשאַרפטקײַט אינ קאַמפּ מיט די קלאַסנ־סאָנים—זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אויסוווּרפנ.

6. די פאַרטאָרגאַניזאַציע פונ שרײַבער־פאַרבאַנד האָט אינגאַנצנ ריכטיק אויסגענוצט דעם סיגנאַל פונ פאַרטקאָם פונ פאָלקאָמבילד אפּ צו דעמאַסקירנ די קלאַסנ־פײַנטלעכע טעטיקײַט פונ דונעצנ אונ אַנדערע קרענקלעכע דערשײַנונגענ אינעם שרײַבער־פאַרבאַנד, דאָכ האָט די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע גופע ניט אַרויסגעוויזנ קיינ גענוגנדיקע איניציאַטיוו צו אויפדעקנ די דאָזיקע בלויז אַדאַנק די „גוטשכיינעסדיקע״ באַציִונגענ מיט דונעצנ.

די ביוראָ פונ שטאָטקאָם קפ(ב)ו באַשטימט:

1. דונעצנ, פאַרטיי מיטגליד פונ 1920 י., וואָס שטאַמט פונ א בורזשואַזער פאַמיליע, וואָס איז געווענ אינ א בורזשואַז־ייִדישער פאַרטיי „ס.ס.״, פאַר דורכשלעפנ אינ זײַנ טעטיקײַט טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע קאָנטראַבאַנדע (יודלסאָנס בוכ „גרענעצנ״, אָבטשוקס „הערשל שאַמײַ״, פאַקטנ פונ „אויספּאַריכטנ״ דעם אַרטיקל אינ דער וואַנטצײַטונג פונ פאָלקאָמבילד), פאַר שאַפנ גרופּלערײַ, מישפּאָכעדיקײַט אונ אַלגעמיינע אָרוועס צווישנ באַזונדערע ייִדישע שרײַבער, וואָס האָט געשטערט דער פאַנאַנדערוויקלונג פונ דערווירקלעכער באָלשעוויסטישער קריטיק אונ זעלבסטקריטיק, אַלס אַזא, וואָס האָט ניט אויסגעלעבט דעם בורזשואַזנ נאַציאָנאַליזם,—פונ דער פאַרטיי אויסשליסנ.

2. אָפּצייכענענ: אז די כ״כ בראָנשטיינ אונ כאַריק פאַרדינענ די שטרענגסטע פאַרטייִ־שטראָפ פאַר דער שאָלעמאַכערישער באַציִונג צו דער טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישער קאָנטראַבאַנדע פונ דונעצנ אונ פונ אַנדערע שרײַבער אינ דער „ייִדישער ליטעראַטור אונ ניט דעמאַסקירנ באַצײַטנס די מישפּאָכעדיקײַט אונ גרופּלערײַ, וואָס דונעצ האָט דורכגעפירט,

נאָר נעמענדיק אינ אכט זייער אופריכטיקנ, אנערקענענ אונ פארורטײלנ זײערע פעלערנ אפ דער ביוראָ פונ שטאָטקאָם קפ(ב)ו אונ ביז דאנ,—שטעלנ די כ׳כ בראָנשטײנ אונ כאריק „נא חידי״, וואָרעגנענדיק זײ, או זײ דארפנ אינ זײער ווײַטערדיקער פראקטישער ארבעט פירנ אנ אנטשײדענעם באָלשעוויסטישנ קאמפ פאר דער לעניניש־סטאלינישער ליניע אפנ ליטעראטור־פראָנט.

3. אָנזײַנ דער פארטגרופע פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער, אז די דאָזיקע פאקטנ זײַנענ אנ ערנסטע וואָרענונג אונ דארפנ דינענ פאר דער ווײַטערדיקער באהעפטונג פונ די סאָוועטישע שרײַבער ארום דער ליניע פונ דער פארטײ, פארנ באָלשעוויסטישנ קאמפ, אפנ גרונט פונ זעלבסטקריטיק, מיט די פארש־ידנארטיקע אנטפלעקונגענ פונ די קלאסנפײַנט־לעכע ארויסקריכנ אינ דער ליטעראטור (ווײַסרוסישער, ייִדישער, פוילישער א. אנד.).

4. אָנווײַזנ די פארטאָרגאניזאציעס פונ פאָלקאָמבילד (פערזענלעכ דעם כ׳ דאווידאָ־חיטש), דעם ווײַסמעלוכע־פארלאג (די כ׳כ בראוקאָוויטש אונ גאָלדמאנ), אז זײ זײַנענ פארפליכטעט ארויסצווײַזנ ווידקלעכ באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט אינ דער פארלאג־ארבעט.

5. די איניאָנים פונ די כ׳כ קורליאנד, באָגוסלאווסקי אונ קאָזלאָוו דערלײזנ באזונדער אפ דער נאָענסטער זיצונג פונ דער ביוראָ פונ שטאָטקאָם קפ(ב)ו.

סעקרעטאר פונ מינשטאָטקאָם קפ(ב)ו—א. ריסקינ.

# אינ צק קפ(ב)ו

די ביוראָ פונ צענטראל־קאָמיטעט קפ(ב)ו, באהאנדלענדיק די אָנגעקומענע מאטעריאלנ וועגנ דונעצס אנטיפארטײִשע מײַסים, האָט דעמ 10־טנ פעווראל, אפנ גרונט פונ די פא־ראנענע מאטעריאלנ, באשטימט אראָפנעמענ דונעצנ פונ דער ארבעט אלס פארטרעטער פונ פאָלקאָמבילד, אלס נאטשאלניק פונ דער אָנפירונג פונ הויפט־קונסט אונ רעדאקטער פונ דער צײַטונג „ליטעראטורא אי מאסטאצטווא״ אונ לײזנ די פראגע וועגנ דונעצס פארטײַישקײַט נאָכ דעמ, ווי די ביוראָ פונ מינסקער שטאָטקאָם קפ(ב)ו וועט באהאנדלענ אלע ארײַנגעקומענע צוגאָבלעכע מאטעריאלנ.

אויסהערנדיק די מיטײלונג פונ כ׳ ריסקינ וועגנ באשלוס פונ דער ביוראָ פונ מינסקער שטאָטקאָם קפ(ב)ו איבער דונעצס איניענ פארנ 13־טנ פעווראל אונ דונעצס פערזענלעכע דערקלערונגענ, האָט די ביוראָ פונ צק קפ(ב)ו אינ איר באשלוס פארנ 13־פעווראל גע־פונענ פאר פעסטגעשטעלט, אז דונעצ, ארבעטנדיק אפ אײנעמ פונ די פאראנטוואָרטלעכסטע באצירקנ פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג פונ ווססר, האָט ער אינ זײַנע ליטע־ראטור־קריטישע ארבעטנ דורכגעשלעפט קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווי־שע קאָנטראבאנדע (דאָס בוכ „אפ ליטעראריש טעמעס״, יודלסאָנס בוכ „גרענעצנ״, אב־טשוקס בוכ) אונ פארטײדיקנדיק זײ, האָט ער אײנצײַטיק מיטגעהאָלפנ די קלאסנ־פײַנטלעכע בורזשואז־נאציאָנאליסטישע ארויסקריכנ אינ די דאָזיקע ווערק.

דערקלערנדיק, אז באזונדערע ערטער פונ לײטארטיקל פונ דער וואנטצײַטונג פונ פאָל־קאָמבילד זײַנענ גיט גענוגנדיק פארשארפט קעגנ דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער זינאָוויע־וויש־טראָצקיסטישער גרופע, האָט דונעצ אויסגעשטראָכנ די ריכטיקע פאָליטיש־פארשארפטע פאָרמולירונגענ פונ דעמ דאָזיקנ ארטיקל, וואָס זײַנענ געווענדעט קעגנ די קאָנטר־רעוואָליו־ציאָנערע זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישע אויסוווּרפנ אונ האָט דורכ דעמ אויסגעשײלט דעמ

פּאָליטישנ אינהאלט פונ ארטיקל, פרווונדיק זיכ ניט נאָר אָפּשוואכנ, נאָר אויכ פּאקטיש מיט זײַנע מײַסימ אראָפּרײַסנ דעמ קאמפּ פונ דער פּארטײ־אָרגאניזאציע קעגנ די נידערטרעכ־טיקע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אויסוואָרפּנ.

ארויסגייענדיק פונ דעמ, וואָס דונעצ האָט ניט בארעכטיקט דעמ צוטרוי פונ דער פּארטײ, האָט גיט אויסגעלעבט זײַנ בורזשואז־נאציאָנאליסטישע פּארגאנגענהײַט (שטאמט פונ א בורזשואזער פּאמיליע, 7 יאָ׳, זיכ געפונענ אינ דער פּארטײ ס.ס.) אונ האָט זיכ אינ טאָכ גענומענ געשטעלט אפנ וועג פונ קאמפּ קעגנ דער פּארטײ, האָט די ביוראָ פונ צק קפּ(ב)ו באשטימט באשטעטיקנ דעמ באשלוס פונ ביוראָ פונ מינסקער שטאָטקאָמ קפּ(ב)ו אונ באשטעטיקנ דאָס אויסשליסנ דונעצנ פונ דער פּארטײ.

דער צק קפּ(ב)ו האָט פּארפּליכטעט אלע פּארטאָרגאניזאציעס אונ יעדנ קאָמוניסט, באזונ־דערס די, וועלכע ארבעטנ אפנ באצירק פונ דער קולטורעלער בוױנג, מאכנ אלע נײטיקע אויספירנ פונ דונעצס איניענ, זיכערנ די ווירקלעכ־באָלשעוויסטישע קאָנקרעטע אָנפירונג פונ די פּאראנטוואָרטלעכקײַט פּארנ ווײַטערדיקנ וווּקס אונ פּאר דער סאָציאַליסטישער אנט־וויקלונג פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור פונ די נאצמינדערהײַטנ אינ ווססר, באזונדערס פונ דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס איז איינער פונ די וויכטיקסטע אָטריאדנ אינ דער נאציאָנאלער ליטעראטור פונ ווססר אונ האָט אויסגעהאָדעוועט א רײ טאלאנטפולע סאָוועטישע שרײַבער.

דער צק קפּ(ב)ו האָט אינ זײַנ באשלוס פּארפּליכטעט די פּארטײ־מיטגלידער פונ פּארבאנד שרײַבער, באזונדער די, וועלכע ארבעטנ אפנ באצירק פונ דער ייִדישער סאָוועטישער לי־טעראטור, נאָכ מער פּארשטארקנ זייער רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, אנטשיידנ אָפּרייניקנ זיכ פונ די קלאסנ־פֿײַנטלעכע עלעמענטנ, אָפּאָרטוניסטנ אונ נאציאָנאליסטנ פונ אלע קאָלירנ, וואָס קריכנ דורכ אינ דער ליטעראטור, אונ זיכערנ די פּארטײיִשע אָנפירונג אפ אזא אויפנ, אז יעטווידער פּרווו פונ קלאסנ־סוינע צו דורכקריכנ אינ דער אָדער יענער פּאָרמ אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור, זאָל באגעגענענ אנ אנטשיידענעמ באָלשעוויסטישנ ווידערשטאנד פונ דער גאנצער שרײַבערישער געזעלשאפטלעכקײַט.

---

ג. אויסלענדער

# וועגנ י. ל. פערעצעס „מײַנע זיכרוינעס"

## (צו דער כאראקטעריסטיק פונעמ לעצטנ פעריאָד אינ פערעצעס שאפנ)

1

דער ניט פארענדיקטער בוכ „מײַנע זיכרוינעס" איז געשריבנ געוואָרנ אינ די לעצטע יאָרנ פונ י. ל. פערעצעס שאפנ — א פעריאָד, וואָס איז ביז אהער ווייניק באלויכטנ געוואָרנ, האגאמ, ער פארנעמט א גאנצ אייגנטימלעכ אָרט אינ פערעצעס ליטעראַרישער אנטוויקלונג.

דאָס אייגנטימלעכע אינ רעמדראָזיקנ פעריאָד, וואָס הויבט זיכ אָנ אומגעפער סאָפ 1910, ווענ פערעצ טרעט ארויס מיט זײַנ נײַער ליטעראַריש-געזעלשאפטלעכער פראָגראמ (די סעריע ארטיקלענ: „וואָס פעלט אונדזער ליטעראטור"), באשטייט דערינ, וואָס פערעצעס שאפנ אנטוויקלט זיכ דעמלט אפנ פאָנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אופלעבונג, וועלכע לאָזט זיכ מערקנ אינ פעריאָד פונעמ נײַעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג, וועלכער איז אָנגעקומענ נאָכ די יאָרנ פונ רעאקציע. מיר זעענ דאָ פערעצנ באמ שײַנ פונ יענע באַדײַטנריקע סאָציאַל-פּאָליטישע פּראָצעסנ, וואָס האָבנ נאָכ די שווערע יאָרנ פונ רעאקציע ווידער גענומענ אופטרייסלענ דאָס טויט-פארגליווערטע צארישע רוסלאנד.

דאָס יאָר 1910 איז געווענ דאָס לעצטע פונ די יאָרנ, וועלכע לענינ באצייכנט, ווי די „עפאָכע פונ ווילד-צעהוליעטער שווארצמײַישער קאָנטר-רעוואָליוציע, ליבעראַל-בורזשואזנ רענעגאטנטומ אונ דערשלאָגנקײַט אונ צעפאלונג באמ פראָלעטאריאט"[1]. שוינ אינ גאנג פונעמ יאָר 1910 הויבנ אָנ אופקומענ סימפּטאָמענ פונ א געוויסער פארענדערונג אינעמ ארומיקנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. אינ יאָר 1911 ווערט די געזעלשאפטלעכע אופלעבונג נאָכ מער קאָנטיק. דער ארבעטער-קלאס דעמאָנסטרירט אינ א רײ שטרײַקנ אונ מאסנ-ארויסטרעטונגענ זײַנ ווידער דערוואכנדיקנ ווילנ צומ קאמפ, אונ אינ יאָר 1912, נאָכ די לענער געשעענישנ, ווערנ דידאָזיקע אויסטרעטונגענ אזוי אָפט אונ אזוי אויסגעשפראָכנ, אז לענינ באטראכט שוינ אָט די באוועגונג, ווי „א רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג פונ די מאסנ"[2].

דערדאָזיקער „רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג פינ די מאסנ"—דאָס איז די גרונט-דערשײַנונג, וואָס כאראקטעריזירט די קלאסנ-פארהעלטענישנ אינ רוסלאנד ערעוו דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, דערפונ מוזנ מיר ארויסגיינ, בעשאס מיר ווילנ אָפשאצנ וועלכנ עס איז שרײַבער פונ דערדאָזיקער צײַט. ווי זשע לאָזט זיכ אינ דעמ צוזאמענהאנג באצייכענענ די פּאָזיציע, וואָס פערעצ האָט פארנומענ אינ די לעצטע יאָרנ פונ זײַנ לעבנ?

---

1) לענינ, ב. 12, ערשטע טייל ז. 184, ארויסגאבע 1924 י.

2) לענינ, באנד 12, ערשטע טייל ז. 185, ארויסגאבע 1924.

דאָס ערשטע, וואָס עס קומט אויס דערבײַ צו פאַרצײַכענענ, איז דער פאַקט, אז פּערעצעס אנשויונגענ זײַנענ צו דער צײַט אסאך מער שטאַנדהאפטיק און פעסט־באשטימט, איידער אינ דעמ פעריאָד 1905, ווענ פּערעצ האָט געזוכט זיך צו אָריענטירנ אינ די גרויסע קלאסנ־שלאכטנ פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. פּערעצעס וואקלדיקע שטעלונג צו דער רעוואָליוציע 1905 איז דיקטירט געוואָרנ דורכ דער פּאָזיציע פונ באַשטימטע קרײַזנ קלײנבירגערטומ, פאר וועמענ דער רעוואָליוציאָנערער קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס איז געווענ פול מיט „האָפענונג און שרעק" (פּערעצעס אויסדרוק). דידאָזיקע שטעלונג האָט אומפארמײַדלעכ געמוזט ברענגענ פּערעצנ צו פארשיידענע זיגזאג־באוועגונגענ, אמאָל אפ צו דערנעענטערנ זיך און — אָפטער פאר אלצ — אפ צו דערווײַטערנ זיך פונעמ קעמפנדיקנ פּראָלעטאריאט, ארויסשלײַכנ זיך פונ דערווירקלעכקײַט, ווו עס קומענ פאָר צו דער צײַט פארביטערטע קלאסנ־שלאכטנ.

דעמ בולעטסטנ אויסדרוק האָט עס געפינענ אינ פּערעצעס אנ ארטיקל, געשריבנ אפ מאָרגנ נאָכ דעמ דעקאבער־אופשטאנד (געדרוקט אינ דער צײַטונג „דער וועג" דעמ 22־טנ דעקאבער 1905).

„אויס! — שרײַבט דעמלט פּערעצ — מער פיר איכ מיט דער אלטער רעגירונג קײנ מאכלויקעס ניט. קאָלזמאנ די אלטע רעגירונג, וואָס וויל בעשוימויפנ ניט אלט ווערנ, האָט מילכאָמע געהאלטנ מיט מאניפעסטנ, איז געווענ א געשעפט צו ענטפערנ מיט ליטעראטיקלענ, פעליעטאָנענ... אצינד האָט זיכ אָבער די אלטע רעגירונג מעיאשעוו געווענ און האָט צוריק ארויסגענומענ און אָנגעשארפט דאָס אלטע קלײזײַנ: קריג־צושטאנד, שטיקעס, ארעסטנ, פארשיקערײַ, קריג־געריכטנ — אפ דעמ איז שוינ מיט טינט און פעדער ניט צו ענטפערנ. זאָל זי קומענ אפ אנדערע הענט! און מיר, אײַצע־געבער, טינט און פעדער־לײַט, וועלנ זיכ דערווײַל באשעפטיקנ מיט קאָשערע, שטילע, היימישע געשעפטנ".

דידאָזיקע שורעס זײַנענ כאראקטעריסטיש דערמיט, וואָס דאָ ווערט אפ א „שעמעוודיקנ" אופנ, אינ א האלב־שפאסיקער פאָרמ אויסגעדריקט א טענדענצ, וואָס האָט געהאט נאָר א וועזנטלעכנ באטײַט פאר פּערעצעס ווײַטערדיקער אנטוויקלונג. דער דעקאבער־אופשטאנד, וואָס האָט אנטפלעקט די ווײַטגײיענדיקע צילנ פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, האָט ווירקלעכ ארויסגערופנ בא פּערעצנ דעמ פארלאנג צו אנטלויפנ אינ די „קאָשערע, שטילע, היימישע געשעפטנ" (האגאמ, ביז דעמ האָט ער אינ א ריי ארטיקלענ פונ 1905 יאָר פּראנדירט מיט שארפ־אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגענ). דער באוואָפנטער דעקאבער־אופשטאנד שטעלט אוועק מיט דער מאקסימאלער קלאָרקײַט די פראגע וועגנ דער אָנפירנדיקער ראָליע פונעמ פּראָלעטאריאט אינ גאנצנ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, און דאָס רופט ארויס בא פּערעצנ די אנטשפּרעכנדיקע רעאקציע: דעמ פארלאנג זיכ אָפּזונדערנ פונ די „אנדערע הענט", וואָס מאכנ די רעוואָליוציע. פּערעצ שטעלט זיכ אוועק אינ דער פּאָזע פונ אנ „אײַצע־געבער", וואָס דארפ קלוימערשט לויט זײַנ בארופ שטײנ בא א זײַט פונ דעמ קאמפ, און דידאָזיקע פּאָזע פארנעמט פּערעצ צו יענער צײַט גאנצ אָפט און גאנצ גערנ.

פונקט אזוי גערנ פלעגט פּראָ לאמירס פּערעצ צו יענער צײַט זײַנ רעכט צו „בלאָנדזשענ", וואָס ער האלט אויכ פאר א מינ בארופ פונ די „טינט־ און פעדער־לײַט". די אפּאָלאָגיע פונעמ „בלאָנדזשענ" טרעפנ מיר בא פּערעצנ אינ א גאנצ בינטל ווערק (אָנהויבנדיק מיט „רעב נאכמאנקעס מײַסעלעכ"). זי גײט באנאנד מיט דעמ אָפּלאכנ פונ „פעסטע שרײַבער" (געמײנט: שרײַבער מיט א שטאַנדהאפטיקער אָריענטאציע), וואָס זײַנענ אינ פּערעצעס אויגנ ניט מער ווי „גײיענדיקע מאציוועס". ער, פּערעצ, „בלאָנדזשעט" טאקע צו יענער צײַט

זייער שטארק. זײַנ וואקלדיקע צווישנ־פּאָזיציע צווישנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דער בורזשואזיע—לאָזט זיכ פילנ דעמלט אפּ שריט אונ טריט. איג איינ אונ דעמזעלבנ 1905 יאָר שרײַבט פּערעצ אי די פּאָעמע „די ליבע", ווו עס ווערט ראָמאנטיש באזונגענ דער העלד, דער קעמפּער, דער „יועלט־באצווינגער", אי די צעקראָכענע, קרעכצנדיק־וויינענדיקע פּאָעמע „עס זײַנענ קיינ וווּנדער געשענ", ווו עס ווערט אפּ אנ אולטרא־מאָדערניסטישנ אופנ „געקראצט מיט נעגל אינ דער נעשאָמע" (פּערעצעס אויסדרוק) אונ יעדע שורע איז פול מיט אָנמאכט אונ דערשלאָגנקײַט. ווי אלעמאָל בא פּערעצנ, איז דער מאָדערניזמ דאָ בארופנ צו זײַנ יענער דעקטוכ, וואָס פארבאהאלט פינ פּרעמדע בליקנ (אונ אמאָל אויכ פונ פּערעצנ גופא) זײַנע קליינבירגערלעכע זיגזאגנ, די וואקלעניש צווישנ „האָפענונג אונ שרעק" פאר דער רעוואָליוציע.

גאָר אנדערש זעט אויס דער שפּעטערער פּערעצ, מיט וועמענ מיר באגעגענענ זיכ אינ דעמ לעצטנ פּעריאָד פונ זײַנ שאפנ, צו וועלכנ עס געהערט אויכ דאָס בוכ „מײַנע זיכרוינעס". אפנ פּאָנ פונעמ נײַעמ „רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג פונ די מאסנ" ערעוו דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע זעענ מיר שוינ ניט די באקאנטע געשטאלט פונמ „בלאָנ־דזשענדיקנ" פּערעצנ. פּערעצ איז גרייט צו ווערנ א „פעסטער שרײַבער." ער איז אינ דעמ הינזיכט געגויגט אפנ אנמשיידנסטנ אופנ צו רעווידירנ זײַנע אמאָליקע סימפּאטיעס צומ מאָדערניזמ.

„ווער איז אונדזער מאָדערנער מענטש?—פרעגט פּערעצ אינ אנ ארטיקל פונ 1913 יאָר—דער מאָדערנער מענטש האָט געפינענ איינ‏יקע דינערע שטריכנ אינעמ לעבנ, איינ‏יקע דעלי־קאטערע פארב־ניואנסנ, א טפּלעקט פײַנע ציטערנ אינ דער מענטשלעכער נעשאָמע, א צוויי דרײַ קליינע, גאנצ קליינע אמפּליטודנ פונ בלוט־וואקלונגענ אינ מענטשלעכנ הארצ, א קוימ־טרער אינ מענטשלעכנ אויג, א קוימ־שמייכל איבערנ מענטשלעכנ פּאָנעמ אונ—איז אוועק אינ קאבארעט... דער מאָדערנער מענטש האָט ניט קיינ לעבנ, נאָר מאָמענטנ; ער האָט דעריבער קיינ כאראקטער ניט, קיינ ווילנ, נאָר קאפּריזנ אונ ווילעכצעכ... אונ פונ דעמ, וואָס קאָנ זיכ אלייג ניט קאָאָרדינירנ, זײַנ אייגנ לעבנ ניט צוועקמעסיק מאכנ, קאָנ מענ ניט פארלאנגענ, ער זאָל קאָאָרדינירנ וועלט־דערשײַנונגענ, געפינענ די צוועקמעסיקײַט פונ אינסטיטוטנ, ווי קלאס אונ נאציאָנ... גרויסע מענטשנ גייענ זייער וועג ניט נאָכ דער סטאדע. דער מאָדערנער בלאָנדזשעט אָנ א וועג. הייסט דאָס פרײַ זײַנ"...

ווי מיר זעענ, איז פּערעצ אינ דעמ ארטיקל גרייט גאנצ גרינטלעכ צו רעווידירנ די אפּאָלאָגיע פונעמ „בלאָנדזשענ", וואָס האָט פריִער געשפּילט אזא גרויסע ראָליע אינ זײַנ שאפנ. נאָכ בוילעטער לאָזט זיכ דאָס זענ אינ די קינסטלערישע ווערק, וואָס פּערעצ שרײַבט צומ סאָפ פונ זײַנ לעבנ. די לעצט־געשריבענע נאָוועלנ, ווי „זינדיק בלוט", לעמאָשל, די פראגמענטנ פונ דער פּיעסע „אינ שול ארײַנ", דאָס לעצטע דראמאטישע ווערק פּערעצעס „דער הויקער"—דאָס אלצ איז פול מיט סימפּטאָמענ פונ דער ענדערונג, וואָס מערקט זיכ אָנ אינ פּערעצעס שאפנ. אויב אינ זײַנע ארטיקלענ פונ דער צײַט פּראָקלאמירט פּערעצ דאָס „פּראָפּעטישע", ווי דעמ איינציקנ יעסאָד פונ דער ייִדישער ליטעראטור, וויל ער אינ זײַנע לעצט־געשריבענע ווערק אפּ אָט דעמ יעסאָד אופבויענ זײַנ גאנצע ליטעראריש־קינסטלערישע פּראקטיק[1]. אָנשטאָט די אומקלאָרע זוכונגענ פונ „באנאכט אפנ אלטנ מארק"

[1]) איינע פונ די מיטלענ צו קאָנקרעטיזירנ דעמ באגריפ „פּראָפּעטיש" זײַנענ בא פּערעצנ געווענ די פארשיידענע פּרווונ פונ די ביבל־איבערזעצונגענ, מיט וועלכער ער האָט צומ סאָפ פונ זײַנ לעבנ זייער אקטיוו זיכ באשעפטיקט.

קומט די לעצטע איבעראַרבעטונג פונ דערדאָזיקער פּיעסע, ווו עס ווערט איצט געלייגט אינ גרונט א קלאָר־אויסגעשפּראָכענער אפ דורכ אונ דורכ רעאַקציִאָנערער רופ: „אינ שול אַרײַנ“. אינ דער פּיעסע „דער הויקער“ ווערט ספּעציִעל אַרײַנגעפירט די געשטאַלט פונ אנ „אַלטער פרוי“, וואָס איר אמפּלוּא איז צו באַלערנ אונדז אונ צו פּריידיקנ. פּערעצעס סטיל ווערט אַלצ מער אונ מער איבערגעלאָדנ מיט דידאַקטישע עלעמענטנ, ער וויל זײַנ „פּראָפּעטיש“ אונ הויבט אינדערעמעסנ אָנ צו ווערנ פּריידיקעריש פאַרפּלאַכט. איינס איז אָבער קלאָר פונ דידאָזיקע לעצט־געשריבענע ווערק: מיר זעענ דאָ פּערעצנ, ווענ ער ווערט א „פעסטער שרײַבער“, מיר זעענ אימ א סטאַביליזירטנ אפ זײַנ נײַער אידעאָלאָגישער באַזע, א פּערספּעקטיקטנ אפ יענע פּאָזיציִעס, צו וועלכע עס האָט אימ געבראַכט זײַנ יאָרנלאַנגע עוואָליוציִע אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריִאַליזמ.

דער פאַרלאַנג זיכ אָפּצוזונדערנ פונ די „אַנדערע הענט“, וואָס מאַכנ די רעוואָליוציִע, אָט דער קאַטעגאָרישער פאַרלאַנג, וואָס האָט זיכ דערוועקט אינ פּערעצנ אפ מאָרגנ נאָכנ דעקאַבער־אויפשטאַנד, האָט ניט אויפגעהערט צו וואַקסנ אונ אַנטוויקלענ זיכ אינעמ גאַנצנ ווײַטערדיקנ שאַפנ פּערעצעס. פּערעצ האָט פונ יאָר צו יאָר אַלצ מער זיכ איבערגעגעבנ אינ רעשוס פונ די „קאָשערע, שטילע, היימישע געשעפטנ“ אונ פּונקט אינ דער זעלבער מאָס זײַנענ פונ יאָר צו יאָר אָפּגעמעקט געוואָרנ די שפּורנ פונ פּערעצעס אַמאָליקער אָפּאָזיציִאָנעלער שטעלונג צו דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. דער נײַער „רעוואָליוציִאָנערער אויפשטײַג פונ די מאַסנ“ אינ די יאָרנ 1911—1914 האָט געטראָפנ פּערעצנ אינ דעמ מאָמענט, ווענ ער איז שוינ געשטאַנענ מיט ביידע פיס אפ די אויסגעשפּראָכנ־בורזשואַזע פּאָזיציִעס. וואָס מער עס האָט זיכ פאַרשטאַרקט דער רעוואָליוציִאָנערער אויפשטײַג ערעוו דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע, וואָס מער עס האָט זיכ אַנטפּלעקט דער פּראָצעס פונ פּאָליטישער דערוואַכונג, וואָס קומט פאָר אינ די ברייטע מאַסנ, אַלצ מער האָט זיכ געלאָזנ פילנ די פאַרורטיילטקײַט פונ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אינ דער עפּאָכע פונעמ פוילנדיקנ קאַפּיטאַליזמ. פאַר דעמ קליינבירגערלעכנ אינטעליגענט, וואָס האָט, ווי פּערעצ, אַזוי אײַנגעגלויבט זיכ אינ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, אַז ער האָט איר אומפאַרמײַדלעכנ אונטערגאַנג אויפגענומענ ווי זײַנ אייגענעמ אונטערגאַנג, האָבנ זיכ איצט אוועקגעשטעלט גאָר נײַע אויפגאַבעס.

פּערעצ האָט ניט אומזיסט אַזוי שאַרפ אָנגעהויבנ קריטיקירנ די טראַדיציִע פונ דעמ מאָדערניסטיש—סימוואָליסטישנ „בלאָנדזשענ“, וואָס האָט אימ פריִער געדינט ווי א צודעק פאַר זײַנע וואַקלונגענ צווישנ „האָפענונג אונ שרעק“ פאַר דער רעוואָליוציִע, די צײַטנ פונ „האָפענונג אונ שרעק“ איז פאַרבײַ. פּערעצעס פײַנטלעכע שטעלונגענ צו דער רעוואָליוציִע טרעט איצט אַרויס אָפנ אונ קלאָר.

ניט אומזיסט אויכ האָט פּערעצ אינ זײַנע לעצט־געשריבענע ווערק זיכ אָפּגעזאָגט פונ דער אינדיווידואַליסטישער בונטאַרישקײַט, וואָס האָט אימ אימפּאָנירט אינ מעשעכ פונ אַזויפיל יאָרנ. קולטיווירנ ווײַטער די בונטאַרישקײַט וואָלט בא די נײַע באַדינגונגענ געהייסנ נאָר מיטהעלפנ יענעמ „רעוואָליוציִאָנערנ אויפשטײַג פונ די מאַסנ“, וואָס האָט געדראָט אויפצורײַסנ די הערשנדיקע געזעלשאַפטלעכע סיסטעמ. אָבער דעמ שיכט אינטעליגענצ, צו וועלכנ עס האָט געהערט פּערעצ, איז קלאָר ניט געגאַנגענ אָנ דעמ, אַז די סיסטעמ זאָל פאַרניכטעט ווערנ.

„רויִנירט ניט די נאַליעווקעס“ — רופט אויס פּערעצ אינ איינעמ פונ זײַנע דעמלטיקע אַרטיקלענ. דערדאָזיקער רופ—אינ א מער פאַראַלגעמיינערטער פאָרמ—דרינגט דורכ אַלצ,

וואָס פּערעצ שרײַבט אינעם לעצטנ פּעריאָד פונ זײַנ לעבנ. אינ נאָמענ פונ אָט דעמ רופ קומט פּערעצ צומ סאָפ פונ זײַנ לעבנ פריידיקנ דעמ „שידעכ צווישנ ייִדישנ פאַבריקאַנט אונ דעמ אַרבעטער״, אינ נאָמענ פונ אָט דעמ רופ שרײַבט ער זײַנ לעצטע פּיעסע „דער הויקער״, וואָס איז, אויב מע זאָל נוצנ אינ דירעקטנ זינענ אנ אויסדרוק, וועלכנ פּערעצ נוצט דעמלט אינ איראָנישנ זינענ: „נעפּל אונ דינסט, וואָס פאַרטונקלט דעמ קלאַסנ־קאַמפּ״. מיט אָט דעמ „נעפּל אונ דינסט״ איז—מער ווי ווענ עס איז פריִער—דורכגעדרונגענ אלצ, וואָס פּערעצ שרײַבט אינעמ לעצטנ פּעריאָד פונ זײַנ שאַפנ, יענעמ פּעריאָד, ווענ ער שטעלט זיכ די אויפגאַבנ: „ראַטעווענ״ די נאַליעווקעס.

דער בוכ „מײַנע זיכרוינעס״, וואָס איז געשריבנ געוואָרנ צו דערזעלבער צײַט, האָט פאַרשטייט זיכ, אויכ געמוזט אונטערפאַלנ ווערנ אָט דער גרונט־אויפגאַבע פּערעצעס, אָבער אינ דעמדאָזיקנ ווערק, וואָס האָט געזאָלט טראָגנ אנ אווטאָביִאָגראַפישנ כאַראַקטער, האָט דער „נעפּל אונ דינסט״ באַקומענ שוינ א ספּעציפישע באַאַרבעטונג. אונ אָט אָפ דעמ לוינט זיכ טאַקע אָפּשטעלנ עטוואָס גענויער.

די אויפגאַבע, וואָס פּערעצ האָט זיכ געשטעלט אינעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס״, איז לעכאַטכילע געווענ זייער א באַשיידענע. ווי עס איז צו זענ פונ דער פאָרעדע, וואָס איז געווענ געדרוקט אינעמ זשורנאַל „ייִדישע וועלט״ גלײַכצײַטיק מיטנ ערשטנ קאַפּיטל, האָט פּערעצ, צוטרעטנדיק צו דער אַרבעט אָפּ דער אָהטאָביִאָגראַפיע, ניט פאַרמאָסטנ זיכ צו שרײַבנ א קינסטלעריש ווערק פונ אזא גרעסערנ פאַרנעמ. ווי דאָס זײַנענ אויסנ געווענ מיט זייערע אווטאָביִאָגראַפיעס מענדעלע אונ שאָלעמ־אליישעם.

„דאָס איז ניט מײַנ ביִאָגראַפיע—שרײַבט שאָלעמ־אליישעם אינ א בריוו, ווו ער באַהאַנדלט גענוי דעמ פּלאַנ פונ זײַנ בוכ „פונעמ יאַריד״—נאָר די ביִאָגראַפיע פונ אונדזער ייִדישנ וועלטל״...

דאָסזעלבע איז, ווי באַוווּסט, געווענ אויכ דער ציל, וואָס מענדעלע האָט זיכ געשטעלט אינ זײַנ „שלוימע רעב כאַיִמס״. אנדערש איז טכילעס געווענ פּערעצעס אײַנשטעלונג אינ דעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס״. געבנ דאָ די „ביִאָגראַפיע פונ אונדזער ייִדישנ וועלטל״ האָט פּערעצ ניט געשטרעבט. אַרײַנלייגנ אינ זײַנ אווטאָביִאָגראַפיע א זעלבשטענדיקנ קינסטלערישנ אינהאַלט האָט ער ניט געהאַט בעדייע. זײַנ בוכ „מײַנע זיכרוינעס״ האָט געזאָלט נאָר באַדינענ די פריִער־געשריבענע ביכער, געזאָלט, לויט פּערעצעס אויסדריק, „איבערגעבנ דעמ שליסל״ צו זיי. עס האָט געזאָלט זײַנ א מינ אווטאָביִאָגראַפישער קאָמענטאַר צו די אלע ווערק, וואָס פּערעצ האָט געשאַפנ אינ גאַנג פונ זײַנ לאַנגיאָריקער ליטעראַרישער אנטוויקלונג.

גייענדיק מיט אָט דעמ וועג, האָט פּערעצ נאָכ גאָר אינ די ערשטע שורעס פונעמ ערשטנ קאַפּיטל געאײַלט זיכ אָנצוהײַזנ:

„אינ מאָניש״, צווישנ אונדז גערעדט, האָב איכ געוואָלט מיר אליינ קאָפּירנ. האָב איכ מיר אָבער פאַרשענערט״.

עטלעכע שורעס ווײַטער, דערציילנדיק וועגנ זײַנ פאַמיליע, קומט פּערעצ ווידער אונדז מיטצוטיילנ: „... מײַנע אנ עלטער־מומע, פונ וועלכער איכ האָב געמאַכט די „סקולער רעבעצנ״ גאָרניט איבערטרײַבנדיק״...

אפנ זעלבנ אויפנ אינפאָרמירט אונדז פּערעצ פונ וועמענ ער האָט „געמאַכט״ די געשטאַלט פונ זיזשע אינ „פיר דוירעס״, די געשטאַלט פונ רעב בערל אינ די „רײַזע־בילדער״ (ז. 46), פונ וואַנענ עס שטאַמט דער שניי־לאַנדשאַפט אינ דער פּיעסע „וואָס אינ

פידעלע שטעקט" (ז. 32), די שילדערונג פון דעם שרײַבן „סקוואָז סטראָי" און די „דרײַ מאַטאָנעס" (ז. 56), דאָס בילד פונעם „שעלמעוון" אין דערזעלבער דערציילונג „דרײַ מאַטאָנעס" (ז. 59), די שילדערונג פון דער הינטערשטאָט אין „מאָשיעכס צײַטן" (ז. 38), דער שפּאַציר פונעם קאָצקער מיטן בעלזער אין דער סקיצע „שהשמחה במעונו" (ז. 39), אפילו די „מאָדעל" פון דעם הונט, וואָס פיגורירט אין דער פּאָעמע „מאָניש", וויל פּערעץ אומבאַדינגט אונדז באַווײַזן אין די „זיכרוינעס" (ז. 25).

דידאָזיקע זאַמלונג ביִאָגראַפישע דעטאַלן, מיט וועלכע פּערעץ וויל דערקלערן פאַרשיידענע מאָמענטן פון זײַן שאַפן, קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט פּרעטענדירן אַף אַ ג'ויסן אָביעקטיוון ווערט,—זי איז אָבער אינטערעסאַנט, ווי אַ באַווײַז, אַז פּערעץ האָט אין דעם קאָמענטירן זײַנע קינסטלערישע ווערק געזען דעם שווערפּונקט פון זײַן אוטאָביִאָגראַפיע. ארויסכאַפּן פון דעם אָדער יענעם ווערק אַ געשטאַלט און גלײַך אַפן אָרט באַווײַזן די „מאָדעל", פון וועלכער די געשטאַלט איז „געמאַכט" געוואָרן — דאָס איז, לויט פּערעצן, דער איינציקער באַרוף פון אַזאַ בוך, ווי „מײַנע זיכרוינעס". דערפאַר גיט זיך פּערעץ אַזוי ווייניק אָפּ מיט אייניקע געשטאַלטן, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שײַכעס צו זײַנע פריִערגעשריבענע ווערק, האַגאַם, זיי האָבן דאָס פולע רעכט צו פאַרנעמען דאָס צענטראַלע אָרט אין פּערעצעס קינדהײַט־זיכרוינעס. אַזוי, לעמאָשל, שילדערט פּערעץ בלויז ווי פאַרבײַגייענדיק, זײַן פאָטער און מוטער, ער באַרירט קוים־קוים די געשטאַלט פון דער קינדער־סוויווע, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. אויב פּערעץ שטעלט זיך יאָ אָפּ אַף דעם עפּיזאָד מיט דער „דרײַ שוועסטער ליבע", איז עס בלויז דערפאַר, ווײַל דאָס האָט אַ דירעקטע שײַכעס צו דער פאַבולע פון דער פּאָעמע „מאָניש" און צו דעם אינהאַלט פון אַ געוויסער יוגנטלעכער ליד פּערעצעס.

מיר זעען אַזוי אַרום, אַז די טענדענץ „איבערגעבן דעם שליסל", שאַפן אַן אוטאָביִאָגראַפישן קאָמענטאַר צו לאַנג שוין פאַרקערפּערטע מאָטיוון און געשטאַלטן—דידאָזיקע טענדענץ האָט, לויט פּערעצעס אויפפאַסונג, געזאָלט דאָמינירן אינעם בוך „מײַנע זיכרוינעס". און דאָך וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דידאָזיקע טענדענץ האָט באַשטימט דעם אינהאַלט פון פּערעצעס אוטאָביִאָגראַפיע. ווי אויסגעשפּראָכן דידאָזיקע טענדענץ איז ניט געווען, ווי שטאַרק זי האָט ניט געווירקט אַף פּערעצעס צוגאַנג צו דעם מאַטעריאַל פון זײַנע „זיכרוינעס", האָט דאָך אין פּראָצעס פון דער אַרבעט אַף דעם פאַרגאַנגענהײַט־מאַטעריאַל געמוזט אויפשווימען אַן אַנדערע, אַ מער אַלגעמיינע טענדענץ, וואָס האָט צו דער צײַט אָנגערירט דעם גרונטלעכסטן וועג פון פּערעצעס אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער אַנטוויקלונג.

אַז דער געשפּאַנטער אינטערעס צו דער פאַרגאַנגענהײַט האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין פּערעצעס שאַפן נאָך אין דעם פּעריִאָד אַרום 1905—איז גענוג באַוווּסט. אָבער פּערעצעס פאַרגאַנגענהײַט־ראָמאַנטיק פון יענער צײַט, וואָס דריקט זיך אַמבוילעסטן אויס אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" (די ערשטע עטלעכע דערציילונגען פון דעם בוך זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1904—1905), גייט נאָך באַנאַנד מיט פּערעצעס דראַנג צו פאַרקערפּערן אַקטועלע געשטאַלטן פון דער אַרומיקער ווירקלעכקײַט, מיר זעען אפילו, ווי צוגלײַך מיט די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" מאַכט פּערעץ עטלעכע פּרוּוון אין די יאָרן 1905—1907 צו באַהערשן דעם סטיל פון דער ראַדיקאַל־נאַטוראַליסטישער דראַמע. ער שרײַבט נאָכאַנאַנד אַ בינטל איינאַקטערס „שוועסטער", „שאַמפּאַניער", „אַ פרימאָרגן", „עס ברענט"— איינאַקטערס וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיט אינטערעס צו קאָנקרעטע סאָציִאַלע דער-

שײַנונגענ און זײַנענ בארופנ אפנ אקטיווסטנ אויפנ צו רעאגירנ אפ דידאָזיקע דערשײַנונגענ[1]. ווי אויסגעשפראָכנ עס איז ניט פערעצעס פארגאנגענהײַט־אפּאָלאָגעטיק אינ די ערשטע דערציילונגענ פונ די „פאָלקסטימלעכע געשיכטנ", לאָזט זיכ דאָס ניט דערזענ, אז זי, אָט די פארגאנגענהײַט־אפּאלאָגעטיק, קאָנ דאָכ ניט אינגאנצנ באהערשנ פערעצעס שאפנ אינעם פעריאָד ארומ 1905, ווענ ער וואקלט זיכ נאָכ צווישנ „האָפענונג און שרעק" פאר דער רעוואָליוציע.

גאָר אנדערש איז עס געוועג אינ די יאָרנ 1910—1914, ווענ דער נײַער „רעוועליוציאָנערער אופשטײַג פונ די מאסנ" האָט מער ניט דערוועקט בא פערעצנ קײנ מינדסטע „האָפענונג" און פערעצ נעמט אָנ א פײַנטלעכע שטעלונג צו דער רעוואָליוציע. די נאציאָנאליסטיש־אפּאָלאָגעטישע באציִונג צו דער פארגאנגענהײַט ווערט איצט ניט בלויז דער לייטמאָטיוו פונ פערעצעס קינסטלערישנ שאפנ, זי דרינגט דורכ פערעצעס גאנצע ליטעראטור־קריטישע און פובליציסטישע טעטיקײַט (אינעם פעריאָד ארומ 1905 י. לאָזט זיכ דאָס פילנ אינ פערעצעס פובליציסטיק נאָכ קוימ־קוימ), זי דרינגט דורכ זײַנ יעטווידע געזעלשאפטלעכע ארויסטרעטונג, ווו ער לאָזט קײנמאָל ניט דורכ קײנ געלעגנהײַט אפ אנ אפּאָלאָגעטישנ אויפנ צו דערמאָנענ די „אָפגעגאנגענע דוירעס,". פערעצ הערט ניט אופ צו כאזערנ:

„דאָס זײַנענ געווענ דוירעס מיט מער הארצ און געהערנ, און פארשטענדעניש פאר ייִדישער שענקײַט, אָבוואָל פרעמד איז זיי געווענ דאָס פרעמד־נארישע וואָרט „קונסט", וואָס דערמאָנט פונ פאבריק און פארקויפט זיכ אינ קראָמ".

די פארהערלעכונג פונ די „אָפגעגאנגענע דוירעס" איז דאָ פונקט אזוי גרויס, ווי שטארק עס איז דער ווידערווילנ קעגנ דער „פאבריק", ווי טיפ עס איז די פארבאהאלטענע מוירע פאר דער צוקונפט, וואָס איז פארבונדנ מיט אָט דער „פאבריק"... און אָט דערפונ נעמט זיכ דער פאקט, וואָס פערעצעס פארגאנגענהײַט־אפּאָלאָגעטיק באקומט איצט אזא אונטערגעשטראָכנקײַט, אזא אגרעסיוונ טאָנ. זי ווערט פארוואנדלט אינ א קולט, וואָס דארפ דורכדרינגענ לויט פערעצעס מיינונג, ניט בלויז די קונסט, נאָכ אויכ די טאָגטעגלעכע לעבנ־פראקטיק.

אינ אנ ארטיקל, געשריבנ אינ יאָר 1913, ווענ עס איז דערשינענ יעכעזקל קאָטיקס בוכ מעמוארנ, קומט פערעצ צומ אויספיר, אז שרײַבנ זיכרוינעס איז א זאכ, וואָס איז אָבליגאטעריש פאר יעדנ איינעמ, ווער עס קאָנ נאָר אפנ עלעמענטארסטנ אויפנ באשרײַבנ, וואָס מיט אימ האָט זיכ אינ לעבנ פאסירט. פונקט אזוי אָבליגאטעריש איז, לויט פערעצעס מיינונג, צו זאמלענ „אלטווארג און אלטערטימלעכקײַטנ". אינ א גאנצער סעריע ארטיקלענ, וואָס פערעצ שרײַבט איצט אפ דער טעמע, לאָזט זיכ דײַטלעכ זענ, אז דאָ האנדלט זיכ ניט בלויז וועגנ א פלוצימ־אויפגעוואכטער מוזעומ־לײַדנשאפט בא פערעצנ. פארקערט, מע קאָנ מיט רעכט זאָגנ, אז פערעצ איז לויטנ כאראקטער פונ זײַנ אימפּולסיווער נאטור, פונקט אזוי ווי אויכ די ארטיסטיש־באָהעמישע סימפּאטיעס, זײַנענ דאווקע פרעמד געווענ אלצ, וואָס שמעקט מיט מוזעומ... דאָסמאָל האָט זיכ עס אָבער געהאנדלט וועגנ גאָר עפּעס אנדערש.

„איז ווער רעליגיעז אָדער קינסטלעריש געשטימט — שרײַבט פערעצ אינ יאָר 1913 — און וויל זענ די האָפענונג־בילדער אפ מאָרגנ באמ שײַנ פונ א לאנגפארשווּנדענער פאר־

1) דאָס בינטל איינאקטערס, ווו פערעצ מאכט א פרוּוו צו באהערשנ דעמ סטיל פונ דער נאטוראליסטישער דראמע, ווערט באהאנדלט אינ מײַנער א באזונדערער ארבעט.

גאנגענהײַט, בענקט װער צום פרימיטיװ, צום נאיִװ־פרומנ, צו דער קינדהײַט פונ מענטשנ אונ פעלקער, אונ רופט זיכ די מאָמענטנ דורכ צייכנ אונ סימװאָלנ—װעט ער זיי ניט זוכנ אינ א פרעמדער שטוב. האָט ער זײַנע אייגענע צייכנס, היימישע העראָגליפנ צום באלעבנ. מיט דעמ איז באשעפטיקט אונדזער רענעסאנס, דאָס איז די אופגאבע פונ אופלעבנ אינ דער צוקונפט, װאָס מוז ארױסשפראָצנ אונ אופבליִענ פונ אלטנ היימישנ זאמענ“...

אינ דידאָזיקע שורעס איז כאראקטעריסטיש ניט בלױז די טיפ־רעאַקציאָנערע אידעאַליזירונג פונ „רעליגיעזנ“ אונ „קינסטלערישנ“, ניט בלױז די אגרעסיװ־נאציאָנאליסטישע שטעלונג צו דער „פרעמדער שטוב“—כאראקטעריסטיש איז, װאָס דאָס אלצ גייט באנאנד מיט זײַער „בענקשאפט צו דער קינדהײַט פונ מענטשנ אונ פעלקער“, באנאנד מיט דעמ פארלאנג צו „זענ די האָפענונג־בילדער אפ מאָרגנ באמ שײַנ פונ א לאנג־פארשװוּנדענער פארגאנגענהײַט“. מיר זעענ דאָ פערעצנ אינ דעמ מאָמענט, װענ די פארגאנגענהײַט װערט בארופנ, אויב ניט פארבײַטנ פאר אימ די צוקונפט, איז לעכאלהאפאָכעס פארשטעלנ, פארצוימענ אימ פונ דער אומדערבארעמדיקער אונ אומפארמײַדלעכער צוקונפט, װאָס דראָט דער בורזשואזער געזעלשאפט. דעריבער גייענ זיכ איצט צונויפ אינ דער פארגאנגענהײַט־אפאָלאָגעטיק אלע װעגנ פונ זײַנ קינסטלערישער, ליטעראטור-קריטישער אונ פובליציסטישער טעטיקײַט, װאָס שמידט א רינג נאָכ רינג פונ אנ אייגהײַטלעכער אונ אפ דורכ אונ דורכ רעאקציאָנערער אידעאָלאָגיע: צוערשט דער רופ: „צוריק צו דער ביבל?“, שפעטער דער רופ: צוריק אינ געטאָ אונ נאָכ שפעטער: „אינ שול ארײַנ!“

עס איז קיינ װוּנדער ניט, װאָס אויכ דער בוכ „מײַנע זיכרױנעס“ װערט פארכאפט דורכ אָט דעמ מוטנעמ שטראָמ פונ פארגאנגענהײַט־אפאָלאָגעטיק. די טענדענצ צו שאפנ א ניכטערנ פאקטנ־אָנגעזעטיקטנ קאָמענטאר צו די פריִער־געשריבענע װערק טרעט אָפ אפנ צװייטנ אָרט, אפנ פאָדערגרונט װערט ארױסגערוקט די „בענקשאפט צום פרימיטיװנ, צום נאיִװ־פרומנ, צו דער קינדהײַט פונ מענטשנ אונ פעלקער“. אונ אָט די „בענקשאפט“—זי האָט עס באשטימט דעמ אייגנטלעכנ אינהאלט פונעמ בוכ „מײַנע זיכרױנעס“.

2

אינ דער שילדערונג פונ זײַנע קינדהײַט אונ יוגנט־יאָרנ, װאָס גייענ דורכ אינ „מײַנע זיכרױנעס“, האָט פערעצ געהאט צו אָפערירנ מיט דערשײַנונגענ פונ א גאָר קאָמפליצירטער אונ היסטאָריש־באדײַטנדיקער עפּאָכע. פערעצעס זיכרױנעס זײַנענ פארבונדנ מיט די 60־ער יאָרנ ד. ה. מיט דער עפאָכע פונ דער אזױגערופענער „פױערימ־באפרײַונג“. דידאָזיקע עפּאָכע, אינ װעלכער עס האָט זיכ אנטפלעקט, לױט לענינס פאָרמולירונג „די קראפט פונ דער עקאָנאָמישער אנטװיקלונג, װאָס האָט געצױגנ רוסלאנד—אפנ װעג פונ קאפיטאליזמ“ האָט ניט קיינ קלענערנ אָפקלאנג געפונענ אויכ אינ פוילנ. ניט געקוקט דערופ, װאָס אינ פוילנ איז די „פױערימ־באפרײַונג“ פאָרגעקומענ בא עטװאָס אנדערע אומשטענדנ, איז דאָכ אינ פערעצעס זיקאָרנ פארבליבנ דער אָנדענק װעגנ דעמ „פױערימ־פאָלק... ערשט פונ דער פאנשטשינע באפרײַט; די אלטע בענקענ נאָכ נאָכ איר, װי מיר אמאָל נאָכ „מיצראִימ צומ פלייש־טאָפ“; די יונגע װייסנ נאָכ ניט מיט דער פרײַהײַט װאָס צו טאָנ“.

פונקט אזוי זײַנענ פארבליבנ אינ פערעצעס זיקאָרנ אויכ די געשעענישנ פונעמ פױלישנ אופשטאנד. פערעצ געדענקט ניט בלױז, װי ער האָט אינײנעמ מיט אנדערע זאמאָשטשער ייִדנ „טילימ געזאָגט פארנ ניצאָכנ פונ דער צװייטער מרידע“ (1863). ער דערמאָנט אפילע איינעמ אנ אקטיװנ פערסאָנאזש פונ דער זאמאָשטשער ייִדישער סוויווע.

וואָס „שיקט ארויס אינ וואלד ארײַנ ברויט מיט קליידער צוזאמענגעקליבנ אונ אמאָל אויכ אביסל אמוניציע, פונ צעכ־הויז געגאנוועטע“.

דיראָזיקע עפּיזאָדנ (עמעס, אזעלכע עפּיזאָדנ טרעפנ מיר אינ „מײַנע זיכרוינעס“ ניט אָפּט) זאָגנ איידעס, אז די עפּאָכע פונ די 60־ער יאָרנ—האגאמ, זי האָט געטראָפנ פּערעצנ נאָכ גאָר א יונגנ—האָט זי דאָכ טיפ זיכ אײַנגעקריצט אינ זײַנ זיקאָרנ. דער יונגער פּערעצ האָט, ווי עס איז צוזענ פונ „מײַנע זיכרוינעס“, זיכ אויסגעצייכנט מיט א שטארק־פריִער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג, זײַנ נײַגער צו דעמ אלעמענ, וואָס ארומ אימ ווערט געטאָנ אונ גערעדט, איז זייער גרויס. „איכ הער אונטער־שרײַבט וועגנ זײַנע ייִנגלשע יאָרנ פּערעצ—ווו מע זייט מיר ניט“—אויב עס ווערט עפּעס דערציילט,—וואקס איכ אופ אונ „זיצ, ווי א גוילעמ“, מיט אנ אָפּנ מויל. עלטערנ ווונדערנ זיכ: „אנ אילויִשער קאָפּ!“ כא־ווײרימ: „א יונג, ווי א קועקוילבער, אונ לייגט זיכ אוועק פאר מײַסעס. איכ אליינ פאר־שטיי עס אויכ ניט, נאָר עס ציט מיכ“.

זײַענדיק דורכגעדרונגענ מיט אזא גרויסנ נײַגער צו דער ארומיקײַט, איז דער יונגער פּערעצ, לויט דעמ, ווי עס ווערט געשילדערט אינ „מײַנע זיכרוינעס“ אויכ גענויגט צו ברייטערע פאראלגעמיינערונגענ. א צופעליק־באמערקטע דערשײַנונג, א צופעליק־געפאלנ וואָרט ווערט בא דעמ יונגנ פּערעצנ טײלמאָל באנומענ, ווי א לעבנ־געזעצ.

„דעמ פאָטערס „א וועלט זעצט מענ ניט אײַנ“—דערציילט פּערעצ — אונ דער מאמעס „פרומ אפּ אײַזיקלס כעשבנ“—די צוויי זאָמענ, די צוויי קערנדלעכ, וואָס מע האָט מיר אינ דער יונגער נעשאָמע ארײַנגעוואָרפנ, זײַנענ קיינמאָל ניט פארלאָרנ געגאנגענ. שטענדיק, שטיל אונ באהאלטנ, געשפּראָצט אונ אינ אלע מײַנע זאכנ אויסגעשפּראָצט“.

נעמט מענ אינ אכט אָט די פילבארקײַט, וואָס כאראקטעריזירט לויטנ בוכ „מײַנע זיכ־רוינעס“ דעמ יונגנ פּערעצנ, זײַנ גרויסנ נײַגער צו דעמ אלעמענ, וואָס ער זעט ארומ זיכ אינ די 60־ער יאָרנ—דעמלט ווערט נאָכ מער קלאָר, ווי קליינ עס איז דער נײַגער צו דערדאָזיקער עפּאָכע בא דעמ עלטערנ פּערעצנ, וואָס האָט אָנגעשריבנ „מײַנע זיכרוינעס“.

„שרײַבנ וועל איכ ניט אלצ — זאָגט פּערעצ אינ דעמ פאָרוואָרט צו זײַנ אווטאָביִאָגראַ־פיע,—ווײַל ניט אלצ איז ארײַנ אינ מײַנע שריפטנ אונ נאָר צו געהערנ דעמ לעזער“.

לייענענדיק דעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“, זעענ מיר אָבער, אז אפילע ניט אלצ, וואָס האָט אזוי אָדער אנדערש א שײַכעס צו די מאָטיווג פונ זײַנע ווערק, וויל פּערעצ בארירנ אינ זײַנ אווטאָביִאָגראפיע. האָבנדיק צו טאָנ מיט אנ עפּאָכע, וואָס האָט ארײַנגעבראכט אינ פּערעצעס סוויווע אזעלכע באדײַטנדיקע סאָציִאל־עקאָנאָמישע פּראָצעסנ, גרויסע געשע־ענישנ, וואָס האָבנ זיכ אײַנגעקריצט אינ פּערעצעס זיקאָרנ, וויל דאָכ פּערעצ פירנ די שילדערונג אזוי, אז די גאָרע קאָמפּליצירטקײַט פונ דער עפּאָכע זאָל בלײַבנ באזײַט.

„א קליינע, רויִקע שטאָט—אזוי באצייכנט פּערעצ זײַנ געבורטס־שטאָט—פונ וואנדערנ, עמיגרירנ האָט מענ נאָכ קיינ בייזנ כאָלעמ ניט, זעלטנ עמיצ „גייט אוועק, פונ וואנענ מע קומט ניט צוריק“, זעלטנ ווערט עפּעס אינ דער מישפּאָכע געבאָרנ“.

א כאראקטעריסטישער פאקט. מיט איינע צענ יאָר פריִער—אָנהויב 20־טנ יאָרהונדערט—האָט פּערעצ אומגעפער אזא שטאָט באשריבנ אינ זײַנ דערציילונג „א טויטע שטאָט“. פּערעצעס טאָנ איז דעמלט געווענ פול מיט ביטערנ סארקאזמ. אינ דער שטילקײַט, וואָס הערשט אינ דער טויטער שטאָט, האָט פּערעצ געזענ דעמ אויסדרוק פונ דער פארצווייפ־לונג אינ דער דערשלאָגענער, עקאָנאָמיש־דעגראדירטער קליינבירגערלעכער מאסע, וואָס

לעבט אזוי, װי זי װאָלט שױן לאנג געװען געשטאָרבן. אנדערש נעמט עס אױף פּערעצ צו דער צײַט, װען ער שרײַבט „מײַנע זיכרױנעס".

„א באזונדער ייִדיש־באלעבאטיש קעניגרײַך—שרײַבט פּערעצ װעגן זײַן געבורטס־שטאָט—שטעלט איר אײַך, לעמאָשל, אינמיטן שטאָט, אפן פּונקט, װוּ די ברוקירטע גאסן לױפן זיך צוזאמען, מיטן געזיכט צום מאגיסטראט; מיטן זײגער־טורעם—האָט איר ארום זיך די גאנצע שארף־אָפּגעגרענעצטע רױ̈יק־באלעבאטישע מעלוכע".

עמעס, דאָ און דאָרט רײַסט זיך דורך בא פּערעצן א בילד, װאָס גיט אָנצוהערן, אז אין דער „רױ̈יק־באלעבאטישער מעלוכע" איז ניט אלעס אזױ רױ̈יק. אזױ טרעפט עס, לעמאָשל, אין דעם פאל, װען פּערעצ קען זיך ניט באהערשן און גיט א שטעל אװעק דאָס בילד פונעם „שעלמעװן א פארזינדיקטן אין מארק", אזױ איז עס אױך אין דעם עפּיזאָד פון דעם פּױלישן אופשטאנד, װען דער זון, װאָס פילט מיט די פּױלישע אופשטענדלער, דערזעט אפ דער טליִע דעם פאָטער זײַנעם, װאָס איז פארבונדן מיט די רוסישע קאזאקן... אָבער דאָס זײַנען עפּיזאָדן, װאָס רײַסן זיך ארײַן, װי קעגן פּערעצעס װילן. מערסטנטײל איז אָבער פּערעצ אױסערסט װאכזאם, ער גיט אכטונג, אז דאָס אידיליש געװעב, װאָס ער שפּינט, זאָל ניט „פארפלעקט" װערן, ער װיל, אז די שילדערונג פון דער פארגאנגענהײַט זאָל דורכױס אנטשפּרעכן זײַן „בענקשאפט צום פּרימיטיװן, צום נאיִװ־פרומען, צו דער קינדהײַט פון מענטשן און פעלקער". אין אָט װיאַזױ מײַן „קינדהײַט פון מענטשן און פעלקער" װיל עס פּערעצ אונדז אױסמאָלן די שטורעמדיקע עפּאָכע פון די 60־ער יאָרן.

פּערעצ איז אפילע גרײט צוליב דעם צװעק שאפן א ספּעציִעלע טעאָריע. װאָרענענדיק דעם לעזער, אז אין זײַן אױטאָביִאָגראפיע װעט ער שרײַבן „ניט אלצ", זאָגט פּערעצ: „די געשיכטע דארפ קײן ליגן ניט זאָגן, אָבער ניט אלצ דערצײלן".

װי כאראקטעריסטיש איז די דאָזיקע טעאָריע פאר א שרײַבער, װאָס פילט, פּונקט װי עס פילט עס די בורזשואזיע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, אז די געשיכטע איז קעגן אים, א שרײַבער, װאָס הײבט אָן מוירע האָבן פאר דעם ניט צוגעפּוצטן היסטאָרישן עמעס און װיל זיך טרײסטן מיט סטיליזירטער, „ניט אלצ"־דערצײלנדיקער געשיכטע. פּערעצ האָט אזא טרײסט געװאָלט זיך שאפן אין דעם בוך „מײַנע זיכרױנעס". דערפאר האָט ער אזױ שטארק סטיליזירט דאָס „באזונדער ייִדיש־באלעבאטיש קעניגרײַך". דערפאר האָט ער זיך אָפּגעזאָגט ארײַנצופירן אהער װעלכע עס איז געשטאלט פון דער האמױניש־האָרעפּאשנער סװיװע, װוּ עס װאָלט געװען שװערער צו פארשלײערן דעם סאָציאַלן אנטאגאָניזם. דערפאר האָט ער ביכלאל געפּלײַסט זיך צו באװײַזן די עפּאָכע פון די 60־ער יאָרן אין דער שײַן פון „רױ̈יק־באלעבאטישן" װוּילשטאנד, „רױ̈יק־באלעבאטישער פארשטאנד" און „רױ̈יק־באלעבאטישן" יױשער...

באזונדערס טרעט ארױס די דאָזיקע טענדענצ פּערעצעס אין זײַן שילדערונג פון דער האסקאָלע־באװעגונג. די שילדערונג פון דער האסקאָלע שטײט, קאָן מען זאָגן, אין צענטער פון פּערעצעס אױטאָביִאָגראפיע. זי איז אזױ אָדער אנדערש פארטראָטן קימאט אין אלע קאפּיטלען פונעם בוך „מײַנע זיכרױנעס". עס װאָלט אָבער זײַן א טאָעס צו מײנען, אז דאָס שטאמט פון פּערעצעס סימפּאטיע צו דער דאָזיקער באװעגונג, װאָס האָט אפ א געװיסן עטאפּ אױסגעדריקט געװיסע פּראָגרעסיװע טענדענצן פון די ייִדישע בירגערלעכע שיכטן. פארקערט, עס װארפט זיך אין די אױגן, אז פּערעצ װיל „אנטקרױנען" די האסקאָלע־באװעגונג, װיל אָפּלײקענען די בורזשואז־פּראָגרעסיװע פונקציע, װאָס זי האָט ביז א געװיסער צײַט געהאט אין דער ייִדישער סװיװע. מיט זײַנע אײגענע מאסקיליש־קעמ־

פערישע ארויסטרעטונגען פונ זײַנ יוגנט־צײַט באגײט זיכ פערעצ דערבײַ אפנ סאמע „אומ־דערבארעמדיקסטנ" אופנ. ער דערקלערט, אז זײ האָבנ קײנשום רעאלנ באָדנ אינ דער ארומיקער ווירקלעכקײַט ניט געהאט. עס איז געווענ לויטער נאָכטאנצערײַ, נאָכקרימערײַ. פערעצ שרײַבט:

„אויב איכ וועל קלאָגנ אמאָל: „אכט אונ צוואנציק גראָשנ א פונט" אונ צום גראם: „ארויסצוווארפנ פאר די הינט" אונ קרעכצנ: „אונ א פונט, אוי, א גרויסע קלאָג! שטײנער אונ בײנער אונ א פאלשע וואָג" אונ נאָכ שפּעטער, אינ „ספורים בשיר" (צוזאמענ מיט מײַנ געוועזענעם שווער ליכטנפעלד געדרוקט) א פּאָעמע „חנה", ווו די העלדנ מיט דעם נאָמענ ווערט פארשווערט פונ ראָשהאקאָהאָלס זונ אונ דער ראָשהאקאָהאָל דער טאקיפ א. א. וו. וועט עס זײַנ ניט מער ווי נאָכמאכעכצ"...

קעדײ צו באגרינדנ דאָס אלצ, באמיט זיכ פערעצ אויסמאָלנ זײַנ געבורטס־שטאָט אזוי, אז די „טאקסע" האָט דאָ, עמעס, פונקציאָנירט, אָבער „אָנ שווינדל אונ רויבערײַ". א ראָש־האקאָהאָל האָט עמעס עקזיסטירט, נאָר עס איז געווענ שיר ניט א „אידעאל פונ א ראָש־האקאָהאָל". פונ קאמפ מיט דער „כסידארניע" איז זאמאָשטש אויכ באוואָרנט „קײנ ראבײיִמ לאָזט מענ אינ זאמאָשטש ניט ארײַנ" אונ וואָס באלאנגט דער „קנופּיע", וועלכע באדינט די מיטל־אלטערלעכ־רעליגיעזע אנשטאלטנ, איז זי אינ זאמאָשטש פאָרגעשטעלט מיט דער געשטאלט פונ מוישע וואָל, וואָס רופט ארויס בא פערעצנ די גרעסטע באגײַסטערונג. פערעצ טוט טאקע אזוי: אינ צענטער פונעמ קאפּיטל, וואָס הײסט „האסקאָלע" שטעלט ער אוועק די אונערטרעגלעכ־אידעאליזירטע, פארזיסטע אונ פארצוקערטע געשטאלט פונעמ זאמאָשטשער ראָוו—מוישע וואָל, אונ פונעמ שטאנדפּונקט פונ מוישע וואָלס „יושער" אונ „גערעכטיקײַט", אפ וועלכער עס האלט זיכ די „רויִק־באלעבאטישע מעלוכע"—פונ אָט דעמ שטאנדפּונקט קריטיקירט פערעצ די האסקאָלע־באוועגונג.

עס איז ניט שווער צו באמערקנ, אז פערעצ וויל אָט די קריטיק פונ דער האסקאָלע, ווי ווײַט מעגלעכ, פארברײטערנ אונ פאראלגעמײנערנ. אינ דעמזעלבנ קאפּיטל, ווו עס ווערט אזוי „דערהויבנ" מוישע וואָל, מאכט פערעצ א גרויסע אָפּווײכונג אָנ א זײַט אונ דערצײלט אונדז אנ עפּיזאָד, וואָס „איז שוינ לאנג נאָכ דער האסקאָלע־צײַט".

פערעצ שילדערט א באזוכ פונ א גרופּע ראדיקאל־געשטימטע יונגע לײַט, וואָס קומענ צו פערעצנ פאָרלײענענ זײערס א ווערק וועגנ „צײַט־גײַסט", אונ אינ דעמ דאָזיקנ עפּיזאָד ווערט געגעבנ אזא פאסקוויל אפ די טרעגער פונ ראדיקאל־דעמאָקראטישע אידײענ אינ דער יידישער סוויווע, אז עט באקומט זיכ ווי א מינ נאטירלעכע פארגאנצונג פונ פערעצעס האסקאָלע־קריטיק,—עס ווערט קלאָר, אז מיט זײַנ „אנטקרויִנענ" די האסקאָלע האָט פערעצ געצילט אסאכ ווײַטער, ער האָט געוואָלט „אנטקרויִנענ" ביכלאל די אידײע פונ וועלכנ עס איז קאמפ קעגנ די רעשטנ פונעמ מיטלאלטערלעכנ געטאָ.

„צוריק אינ געטאָ" האָט פערעצ צומ סאָפ פונ זײַנ לעבנ גערופנ. דער בוכ „מײַנע זיכרוינעס" האָט געזאָלט געבנ די אידעאלע פארקערפערונג פונ אָט דעמ געטאָ אינ דער געשטאלט פונ דעמ „יידיש־באלעבאטישנ קעניגרײַכ". אונ אָט מיט דער דאָזיקער אופגאבע פונעמ בוכ „מײנע זיכרוינעס" האָט עס געשטימט פערעצעס קריטיק פונ דער האסקאָלע־באוועגונג.

3

אינ העסקעמ מיט דער אלגעמײנער אײַנשטעלונג, וואָס פערעצ האָט געלײגט אינ גרונט פונ זײַנ בוכ „מײַנע זיכרוינעס", האָט ער דאָ אנטוויקלט אויכ א גאנצע רײ אָנשווינגענ

אַפּ ליטעראַטור. דער טאָכ פון די דאָזיקע אָנשוױונגען איז באַשטאַנען אין דעם קאַמפּ קעגן רעאַליזם, וואָס פּערעצ איז צו יענער צײַט גרײט געווען צו פירן אַפּן סאַמע אַנטשײדנסטן אופן. פּערעצ פּרוּווט טעאָרעטיזירן וועגן דעם אַז „די פאַבל איז שטענדיק וואָרהאַפּטיקער פאַרןווירקלעכ־געשעענעם, די פאָלק־דיכטונג—פאַרן עמעסן פאַקט“. ער אַגיטירט פאַר אַזאַ קונסט, ווו די צופעליקײַטן, די קלײנע אַבעראַציאָנען, די „מײַסים צוליב פאַרנאָסע“, צוליב קאַעס, אַ רעגע ניצאָכן—פאַלן אָפּ, פאַרוױנקען אין פאַרגעסנקײַט און עס קומט אַרױס אַ נעשאָמע קימאַט אַ נאַקעטע“.

אָנשטאָט דער קונסט, וואָס האָט צו טאָן מיט קאָנקרעטע געשטאַלטן, אַנטפּלעקט זײער סאָציאַלע נאַטור און זוכט פאַר אים אַ רעאַליסטישע פאַרקערפּערונג, רוקט פּערעצ אַרױס אַ טעאָריע וועגן דעם, אַז דער קינסטלער דאַרפ זיכ האַלטן אַפּ אַ גרױסער דיסטאַנצ פון דער רעאַלער ווירקלעכקײַט, ער דאַרפ איגנאָרירן די אַרומיקע קעגנוואַרט־דערשײַנונגען, ער דאַרפ לעבן בלויז מיט דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט.

„אין דער דערינערונג ווערט אַלצ פאַרפײַנערט און גערײניקט“—שרײַבט פּערעצ. אָט די „פאַרפײַנערונג“־טענדענצ, וואָס שטימט מיט פּערעצעס אַלגעמײנער אידעאָלאָגישער ליניע פון יענער צײַט—דאָס וויל ער מאַכן פאַר דעם אויסגאַנג־פּונקט פון זײַן אַקטיוון קאַמפּ קעגן רעאַליזם.

און דאָכ קען קײן סאָפּעק ניט זײַן, אַז אין דעם בוכ „מײַנע זיכרױנעס“ איז נאָכ אָט דער קאַמפּ פּערעצעס ווײַט ניט פאַרענדיקט און דער רעאַליסטישער מעטאָד איז דאָ נאָכ ווײַט ניט באַזיגט. פאַרקערט, מע מעג מיט פולער רעכט זאָגן, אַז דאָס ווערטפולע, וואָס איז פאַראַן אינעם בוכ „מײַנע זיכרױנעס“, ווערט באַשטימט גראָד דורכ דעם, אַפּ וויפל דער רעאַליסטישער מעטאָד איז דאָ נאָכ ערטערווײַז פאָרגעשטעלט, אַפּ וויפל ער דריקט זיכ אויס אין געצײלטע אָבער שטאַרקע און בוילעטע שילדערונגען, וואָס זײַנען ניט געוואָרן קײן קאָרבן פון פּערעצעס „פאַרפײַנערונג“־טענדענצ.

אַמערסטן שטײַפּ, אין רעאַליסטישן זינען, זײַנען די קאַפּיטלען, ווו פּערעצ גיט זיכ אָפּ מיט די עפּיזאָדן פון זײַן דערציִונג. ניט געקוקט אַפּ דער אַלגעמײנער טענדענצ פון פאַרגאַנגענהײַט־אַפּאָלאָגעטיק, וואָס הערשט אין פּערעצעס אויטאָביאָגראַפיע, האָט ער דאָכ ניט געפּרוּווט אידעאַליזירן די מיטלאַלטערלעכע דערציִונג־טראַדיציע, באַזונדערס, דעם כײדער. פּערעצ, וואָס גיט אָפּ גאָר אַ סאַך אויפמערקזאַמקײַט דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פונעם קינד אין דער פאַרצײַטיקער ייִדישער סוויווע, זעט ניט קײן אײן אײנציקן מער ווײניקער באַדײַטנדיקן פאַל, ווען די כײדער־סוויווע זאָל האָבן מיטגעהאָלפן צו פאַרברײטערן דעם קינדס אינטערעסן, צו אַנטוויקלען זײַנע אינטעלעקטועלע פײיִקײַטן.

פּערעצ גיט אַ שטאַרקע, פּסיכאָלאָגיש קאָנקרעטיזירטע שילדערונג פון דעם „שוואַרצן געמיס“, וואָס אַרבעט זיכ אויס בײַ דעם קינד אין דער שטיקנדיקער אַטמאָספער פון דער מיטלאַלטערלעכער ספאָרים־קולטור. פּערעצן קומט דערבײַ אויס אין געוויסע פאַלן אַרויסגײן פון די אידיליע ראַמען, וואָס ער האָט זיכ אָנגעמערקט פאַר זײַן קינדהײַט־שילדערונג, פאַרשווײַגן די שווערע דערפאַרונג פון דעם מיטלאַלטערלעכ־דערציִונגענעם, יונגן פּערעצן, וואָס טראָגט זיכ אַרום אין דעם עלטער פון 11—12 יאָר מיט „כורוועס“ און געהירן און פּגאָרים אין האַרצ“ איז דער אויטער פון „מײַנע זיכרױנעס“ ניט אומשטאַנד. דער קאַפּיטל „כורוועס און געהירן“ קלינגט דעריבער, ווי דער שאַרפסטער באַשולדיקונג־אַקט קעגן דער־זעלבער פאַרגאַנגענהײַט, וועלכע פּערעצ איז דערעכ קלאָל גענויגט צו רעאַביליטירן.

אינטערעסאַנטע דעטאַלן טרעפן מיר אין פּערעצעס שילדערונג פון דער פאַרצײַטיקער

יִדישער בירגערלעכער סוויווע. ניט געקוקט דערופ, וואָס פּערעצ וויל אויסמאָלנ א פולשטענדיקע אידיליע פונ א „יִדיש־באַלעבאטיש קעניגרײַכ“, ניט געקוקט דערופ, וואָס ער חיל דאָ זענ דעמ קוואַל פונ הומאניזמ אונ פרײַגײַסט (זע די שילדערונג פונ פּערעצעס פאָטער אונ מוטער, די שילדערונג פונ פ. ג. אינ אויכ פונ דעמ ראָוו מוישע וואַל), ווערנ דאָכ אינ גאנג פונעמ באשרײַבנ די בירגערלעכע סוויווע אנטבלויזט די פּעדים, וואָס ציִענ זיכ צווישנ די פאָרשטייער פונ דער יִדישלעכער שטעטל־אָליגארכיע אונ די אָפיציִעלע פאָרשטייער פונעמ צארישנ אדמיניסטראטיוו־מיליטערישנ אפּאראט. עס ווערט באווּיזנ, ווי די אופגעקלערטע, „ליבעראל“־געשטימטע בירגער פונ דער שטאָט זאמאָשטש, ווו די האסקאָלע האָט שוינ ניט, לויט פּערעצעס באהויפּטונג, „קיינ שטאָכ ארבעט“, וואקסנ זיכ אָרגאניש צונויפ מיט דעמ רוסישנ אָפיצערנטומ. זיי סאָלידאריזירנ זיכ מיט זײַנ מאנארכיסטיש־שווארצמײַשער אידעאָלאָגיע, אונ אויב אפילע דער עפיזאָד מיטנ „בילבל“ טראָגט ארײַנ אינ דיראָזיקע באציִונגענ א געוויסע אָפּקילונג, איז דאָכ די קראפט פונ די „פּאָדראדג“ אזוי גרויס, אז די אָפּקילונג ווערט איינגיכנ פארשוווּנדנ אונ דער אליארמ מיטנ אָפיצערנטומ ווערט ווידער אויפגעשטעלט.

די קראפט פונ די „פּאָדראדנ“ אינ די 60־ער יאָרנ—איינע פונ די פארקערפּערונגענ פונ יענער „קראפט פונ דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, וואָס האָט געצויגנ רוסלאנד—אפּנ וועג פונ קאפּיטאליזמ“ (לענינ)—טרעט ניכלאל ארויס גאנצ בוילעט אינ פּערעצעס פארצייכענונגענ פונ דער בירגערלעכער סוויווע. מיר זעענ דאָ די עוואָליוציע פונ יענעמ בירגערלעכנ עלעמענט, וואָס האָט אינ די עסינגערס צײַטנ (ערשטע העלפט 19־טנ יאָרהונדערט) „נאָר אליינ מיט די קינדער אינ פעלד געארבעט“ אונ שפּעטער, אינ די 60־ער יאָרנ ארײַנגעצויגנ געוואָרנ אינ אזשיאטאזש פונ דער קאפּיטאליסטישער אָנזאמלונג: „צערקוועס געבויט, פונ טאָג צו טאָג רײַכער געוואָרנ“. מיר זעענ אויכ, ווי עס וואקסט ארויס אינ דער בירגערלעכער סוויווע די געשטאלט פונ י. ס. וואָס מאכט שוינ דורכ דעמ וועג צו דעמ גרויסשטאָטיש־מאָדערניזירטנ בורזשוא „האָט א הויז (אינ זאמאָשטש—נ. א.), א פולוואַרק אונטערנ שטאָט, א הויז אינ ווארשע, ווו ער פארברענגט כאדאָשימ, אונ איז א פּאָדראדשיק אונ קומט אינ קלוב ארײַנ, אונ בעט אָפּ דעמ פּאָלקאָווניק, מיט וועלכנ ער האָט אסאָקימ, צו זיכ אונ גייט אָפּט צו אימ אפ פּרעפעראנס“...

עס פארשטייט זיכ, אז פּערעצ איז ניט גענייגט ברייט צו אנטוויקלענ אָט די כאראקטעריסטיק, פונ וועלכער ער וואָלט געמוזט מאכנ איינציקע ווײַטע אויספירנ. פּערעצ באנוגנט זיכ בלויז דערמיט, וואָס ער „פּאָרטרעטירט“, ווי ער דריקט זיכ אויס, די אָדער יענע פאָרשטייער פונ דער פּויליש־יִדישער בירגערלעכער סוויווע, אָבער אויכ אינ אָט דער גאלעריי סכעמאטיש־פארצייכנטע פּאָרטרעטנ ליגט א היפּשער דערקענטעניש־מאטעריאל.

באזונדערס דארפנ אויסגעטיילט ווערנ די נאָוועלנ, וואָס זײַנענ אײַנגעגלידערט אינ דעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“. די נאָוועלע וועגנ דער „דרײַ שוועסטער־ליבע“ די נאָוועלע וועגנ דער „יוגנטלעכער רײַזע קיינ שעברשינ“. די נאָוועלע „געזופנ“, ענדלעכ, די נאָוועלע וועגנ דעמ „בילבל“—דאָס אלצ באווײַזט, אז פּערעצ, וואָס האָט אינ זײַנ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“ געפירט א העפטיקנ קאמפּ קעגנ רעאליזמ, האָט דאָכ ניט געקאָנט אינגאנצנ אײַנרײַסנ מיט יענעמ זשאנר פונ דער רעאליסטישער, פּסיכאָלאָגיש־אָנגעזעטיקטער נאָוועלע, וואָס איז אימ געווענ נאָענט פונ זײַנע ערשטע טריט אָנ.

די נאָוועלע וועגנ דעמ „בילבל“ איז דעריבער טאקע אינטערעסאנט דערמיט, וואָס דאָ ווערט גאָר אפּ אנ אנדער, א קימאט רעאליסטישנ אויפנ, באארבעט א מאָטיוו פונ די

„פֿאָלקסטימלעכע געשיכטעס“. עס קאָנ קײנ ספֿעק ניט זײַנ, אז דאָרט אינ די פֿאָלקס־טימלעכע געשיכטנ וואָלט פּערעצ אווראָמ מאניסנ פֿאָרגעשטעלט ווי א העראָישע געשטאלט, אנ אידעאל־פֿארקערפּערונג פֿונ דעמ „יִדישנ גײַסט“. אינ דעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“ נעמט פּערעצ אינ א געוויכער מאָס אראָפּ דעמ העראָישנ „גלאנצ“ פֿונ דעמ גאנצנ „בילבל“־עפּיזאָד אונ וועגנ דעמ הויפּט־העלד, אווראָמ מאניסנ, קאָנ שוינ פּערעצ אנדערש ניט רײדנ, ווי נאָר וועגנ א שטעטלשנ פּאראזיט, באטלענ, וואָס „בא די זײַטנ האָבנ מיר זיכ פֿונ אימ דעמלט געהאלטנ!“

די דערמאָנטע נאָוועלנ, ווי אויכ א רײ אנדערע שטעלנ, באווײַזנ, אז די רעאליסטישע שילדערונג האָט, ניט געקוקט אפֿ פּערעצעס דראנג צו אנטלויפֿנ פֿונ איר, דאָכ פֿארנומענ א געוויסנ אָרט אינעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“. אונ טאקע אָט די דאָזיקע שילדערונג, אינ וועלכער מיר דערקענענ ערטערווײַס נאָכ די קראפֿט פֿונ דעמ פּערעצנ, וואָס איז ארײַנ־געטראָטנ אינ דער ליטעראטור אלס מײַסטער פֿונ דער סאָציאל־אָנגעזעטיקטער, רעאליס־טישער נאָוועלע—דאָס האָט געשאפֿנ די מעגלעכקײַט, אז מיר זאָלנ אינעמ בוכ „מײַנע זיכ־רוינעס“ באקומענ אנ אײנהײַטלעכנ מאטעריאל, וואָס באלויכט די סאמע פֿריִע עטאפּנ פֿונ פּערעצעס אנטוויקלונג.

**פֿונ רעדאקציע:** צומ באהאנדלענ. צו דער פֿראגע וועגנ דעמ, צי פּערעצ איז א קלײנבירגערלעכער אָדער א בורזשואזער שרײַבער, וועט די רעדאקציע זיכ אומקערנ אינ די ווײַטערדיקע נומערנ פֿונ „שטערנ“.

---

ו. וויטקינ

# אפנ וועג צומ רעאליזמ

(וועגנ פערסאָווס שעפערישנ וועג).

אלע זשאנרענ זייַנענ גוט, כוץ די נודנע...
וואָלטער.

## פערסאָווס סטיל

פערסאָוו איז ארויסגעטראָטנ אינ דער ליטעראטור מיט זייַנ דערציילונג „שערבלעכ". זייַנ ערשטער ליטעראַרישער ארויספאָר האָט גלייַכ באוויזנ, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א שרייַבער, וועלכער גייט אפ א שמאָל שטעגעלע. זייַנ טראָט איז א שטילער אונ באַשיידענער, א לאנגזאמער אונ ניט זיכערער; די געפאר אָפּשטיינ פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור איז זייער גרויס.

די גרויסע היסטאָרישע געשעענישנ זייַנענ פערסאָוונ געווענ אומפארשטענדלעכ. דאָס אלצ, וואָס קומט פאָר אינ סאָציאלנ ארומ נעמט ער אופ, ווי אָפגעריסענע געשעענישנ אונ באזונדערע עפּיזאָדנ, ער קענ עס ניט צונויפבינדנ אינ איינ גאנצעס, אינ א רעאליסטישנ קינסטלערישנ סינטעז. פערסאָוו נעמט אופ די היסטאָרישעווירקלעכקייַט נעפלדיק: נעפלדיק באקומט זיכ א בילד, ווענ דער מאָלער שטעלט זיכ ווייַט פונעמ קינסטלערישנ אָביעקט, אז ער קוקט אפ אים מיט א צוגעזשמורעט אויג. פערסאָוו איז נאָכ געווענ סאָציאל ווייַט פונ זייַנ קינסטלערישנ אָביעקט—פונ דער סאָוועטישער, רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקייַט. דאָס אונ די ליטעראַרישע ווירקונג פונ בערגעלסאָנענ פונ פאר דער רעוואָליוציע האָבנ באשטימט פערסאָווס סטיל—זייַנ אימפּרעסיאָניזמ.

* * *

„שערבלעכ"—דאָס איז געווענ די ערשטע קינסטלערישע געשטאלט (פונ דעמ קאָמפּלעקס פּראָלעטארישע רעוואָליוציע), וואָס האָט זיכ געוואָרפנ פערסאָוונ אינ זייַנ אימפּרעסיאָניסטיש-צוגעזשמורעט „אויג". די פאָרשטייער פונ דער אלטער אריסטאָקראטישער וועלט—דאָס זייַנענ שערבלעכ, סאָציאלע שערבלעכ פונ א קלאס, וואָס איז צעבראָכנ געוואָרנ אינ די שלאכטנ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. דורכ דער געשטאלט האָט פערסאָוו קאָנסטאטירט דעמ היסטאָרישנ באנקראָט פונ דער בורזשואז-אריסטאָקראטישער וועלט.

ווי זשע האָט זיכ פערסאָוו באצויגנ צו דעמדאָזיקנ היסטאָרישנ פאקט? אינ דער דערציילונג „שערבלעכ" וועט איר ניט געפינענ קיינ ליבע צו דער אלטער וועלט, צו די שער-

בלעכ. איר װעט דאָ אָבער נאָכ אויכ ניט געפינענ קײנ גרויסע סאָציאַלע סינע צו די פאָרשטײער פונ דער אָפּשטאַרבנדיקער װעלט. קוקט זיכ ־ו צו די אײַנװױנער אינ דער טפּיסע־קאַמער 3; דער גאַלעכ, דער סוטענער, דער פּאָלקאָװניק—זײ אַלע זײַנענ דאָ פאָרגעשטעלט אַזוי, אַז זײ רופנ באַ אונדז אַרויס אַנ עקל, אָבער ניט קײנ סאָציאַלע סינע. דאָס זײַנענ נודניקעס אונ ניט קײנ קלאַסנ־סאָנים. דער כ׳ בראָנשטײנ האָט אינ זײַנ אַרבעט װעגנ פּעראָװנ ריכטיק אָפּגעמערקט, אַז „דאָס זײַנענ ניט קײנ קעמפער, װאָס זײַנענ געפאַנגענ געװאָרנ אינ שלאַכט, דאָס זײַנענ ניט קײנ פּאָליטישע קעגנער, װאָס זײַנענ װערט צו פאַררעכנט װערנ אַלס סאָנים פונעם פּראָלעטאַריאַט—דאָס זײַנענ נודנע, איבערגעשראָקענע ברויט־יאָרדימ״. („אַטאַקע״ זײַט 233).

די אַלטע װעלט איז אינ דער דערצײלונג „שערבלעכ״ פאָרגעשטעלט געװאָרנ, װי אַנ אונטערגײענדיקע, אַ פּאַסיװ־אונטערגײענדיקע. פּערסאָװ האָט פאַרזענ, אַז די אַלטע װעלט שטרענגט אָנ אַלע קויכעס, קעדײ צו רעסטאַװרירנ די בורזשואַזע אָרדענונג.

דער פּאָלקאָװניק טײַנעט „אַלצ האָבנ די כאַװײרימ צעשטערט, אַלצ אונ אַלעמענ, װי שערבלעכ צעשטויסנ... דאָ, אינ די קאַמערנ, װעלנ מיר, אַלע געװעזענע, צעפוילנ אונ פאַרשטונקענ װערנ״ („קאָרנבערויט״) די איבעריקע אײַנװױנער פונ דער טפּיסע־קאַמער 3 שײדנ זיכ אונטער פונ דעמ פּאָלקאָװניק בלויז מיט דעמ, װאָס פונ מאָל צו מאָל בליצט דורכ באַ זײ אַ האָפענונג.

— עפּשער װעלנ זײ אַנ אַמניסטיע געבנ...

אינ דער װירקלעכקײַט איז דער קלאַסנ־סוינע ניט געװענ אַזוי פּאַסיװ; אַזוי פּאַסיװ פאָרשטעלנ דעמ אונטערגײענדיקנ קלאַס, איז, פאַרשטײט זיכ, ניט געװענ אינ די אינטערעסנ פונ דעמ פּראָלעטאַריאַט. דאָס האָט אָנ שומ סאָפעק אָפּגעשװאַכט די קלאַסנ־װאַכזאַמקײַט.

פּערסאָװ איז אַ אימפּרעסיאָניסט, ער נעמט אויפ די אָביעקטיװע װירקלעכקײַט ניט װי אַ גאַנצע זאַכ, נאָר װי אַ פאַנאַנדערגעלײגטע אַפּ באַזונדערע עלעמענטנ, װאָס האָבנ צװישנ זיכ קײנ שומ פאַרבינדונג ניט. פונ דאַנענ שטאַמט דער קולט פונ די אָפּגעזונדערטע דעטאַלנ.

אינ פּערסאָװס דערצײלונג פיגורירנ זאַכנ, ליכט־פלעקנ, טויטער אינװענטאַר,—דאָס אַלצ, װאָס איז סאָציאַל ניט פאַרבונדנ צװישנ זיכ,—אונ עס פעלנ קימאַט מענטשנ, װײַל מענטשנ דאַרפ מענ װײַזנ אינ זײער צװישנבאַציונג. עס פיגורירנ בלויז טײלנ פונ די מענטשנ, אַנ אויסגעריסענע אויג, אַ געלע באָרד, אַ כאַקע־פרענטש.

די געלע באָרד, דער כאַקע־פרענטש פירנ, פּונקט װי די זאַכנ, אַנ אָפּגעזונדערט לעבנ. זײ טרעטנ ניט אַרײַנ אינ קײנ קעגנזײַטיקע באַציונגענ. אויכ דער דיאַלאָג איז דאָ דעריבער קימאַט ניטאָ. אויב ער טרעפט זיכ דאָ, איז ער אינגאַנצנ ניט אינדיװידואַליזירט. אַלע רײדנ אַפּ אײנ אויפנ—דאָס אײַזנ־אויװעלע, דער כאַקע־פרענטש, די געלע באָרד. דער דיאַלאָג קומט פאָר ניט דאַװקע צװישנ מענטשנ, מער צװישנ אַ מענטשנ אונ אַ זאַכ. עס רעדנ בערד אונ מע רעדט צו בערד, צומ טיר, צומ װאַנט, צומ אײַזנ־אויװעלע א. א. װ.

ע ס  ר ע ד ט  ע מ ע צ ע ר  צ ו  ע פּ ע ס—דאָס איז די באַליבטע פאָרמולע פונ פּערסאָװס דיאַלאָג.

ע מ ע צ ע ר  א ו נ  ע פּ ע ס—דאָס זײַנענ באַ אימ די סאַמע באַליבטע אונ גאַנגבאַרסטע װערטער, װײַל דאָס אימפּרעסיאָניסטיש־צוגעזשמורעטע „אויג״ נעמט אויפ דעמ אַרומ פאַרנעפּלט, צעשװומענ, זעט ניט קײנ קאָנטורנ.

דאָס אויפנעמענ די אָביעקטיװע װירקלעכקײַט ניט װי קײנ גאַנצע זאַכ, נאָר װי אַ פאַנאַנדערגעלײגטע אַפּ באַזונדערע עלעמענטנ, װאָס האָבנ צװישנ זיכ קײנ שומ פאַרבינדונג

ניט ־ דאָס האָט געבראַכט צו דעם, װאָס אין דער דערציילונג איז ניטאָ קיין האנדלונג. די קאָמפּאָזיציע איז א סיוזשעטלאָזע, א סטאַטישע, א צונויפגעשטוקעװעטע פון שטיקלעך שטימונגען, געדאנקען, װאָס כאַזערן זיך איבער אין פארשיידענע װאַריאַנטן.

די מענטשן (פּינקטלעכער: די געלע באָרד, דער כאַקע־פּרענטש און אַפילע זאַכן) גריבלען זיך אין אייגענע געדאנקען (באַמערקט: זאַכן גריבלען זיך אויך אין געדאנקען!). אָט דאָס גריבלען זיך איז א פּראָצעס פון ריידן אין זיך. זיך אליין שטעלט עמעצער איין פראַגע, א צװייטע, א דריטע. די פראַגעס הויבן זיך אָן געװײנלעך, מיטן װאָרט „עפשער" און שטעלט מיט זיך פאָר אי א פראַגע, אי א מעגלעכן ענטפער אַף דער פראַגע. און דאָס איז שוין גענוג, װײַל קיין קלאָרן ענטפער האָט ער ניט און דאָס איז אים אַפילע ניט נויטיק. און אַמאָל קומט נאָך א גאַנצע ריי אַזעלכע פראַגן, א ריי אויספירן, װאָס הויבן זיך אָן מיט: אייגנטלעך... איז װאָס איז דער װוּנדער... איז װאָס איז דער כידעש... בעמיילע איז שוין... א. א. װ. די געדאנקען זײַנען צעברעקלטע, צערונענע, זיי פּלאָנטערן זיך אין קאָפּ, װי זשוקעס אין מיסט אין א זומער-פארנאַכט. קיין סיידער פון די געדאנקען איז ניטאָ: „איז אז איר זאָלט פרעגן בא מיטלמאַנען, װי׳אַזוי איז אזא געדאנק אײַנגעפאַלן, װאָלט ער אײַך ניט געענטפערט. אליין געקומען און א סאָף" („קאָרנבערויט"). געדאנקען קומען אליין און גייען אליין אַװעק און לאָזן אַפילע קיין שפּור ניט, אויסער א שפּור פון כאַלאָשעסדיקער נודנעקײַט.

קוקט זיך צו צו די עפּיטעטן און כאַראַקטעריסטיקעס, װאָס באַגלייטן די געדאנקען: נאָגנדיקע, נודנע, מעװוּלװעלע, זלידנע, שװערע, איינזאַמע און איין־און־איינציקע. די געדאנקען זײַנען װירקלעך מעװוּלװעלע, איינזאַמע, װײַל קיין שום אינערלעכע פארבינדונג צװישן זיי איז ניטאָ, װערן זיי אויסערלעך פארבונדן מיט די װערטער אומגעריכט, מיטאַמאָל און פּלוצלונג: „און מיטאַמאָל פאַלט אײַן אַן אַנדער געדאנק".

דאָס באַנוצן זיך אָפט מיט די דאָזיקע װערטער דריקט נאָכאַמאָל אויס זײַן קוק אַף דער אָביעקטיװער װירקלעכקײַט, װי אַף א סומע באַזונדערע עלעמענטן, װאָס האָבן צװישן זיך קיין שום פארבינדונג ניט, אויסער צופעליקע און אומגעריכטע. דאָ קומט נאָך צו דער פארװיגנדיקער אימפּרעסיאָניסטישער ריטם, די איינטאָניקײַט פון זאַץ־געבוי, די זאַצן זײַנען לעפּיערעך פון איין און דערזעלבער גרויס און הויבן זיך אָן געװײנלעך מיט א װערב:

„עסט דער אױלעם"... „לאָזט זיך הערן דער פאָלקאָװניק"... „פארשטייט ניט מיטלמאַנ"... „רײַבט ער די האַנט"... א. א. װ. א. װ.

ער האָט אויך ליב איבערשטעלן דעם געװײנלעכן סיידער פון די װערטער אין זאַץ, װאָס מאַכט אים איינטאָניק און פארװיגנדיק.

ניט: האָט מאַקסים געשפּארט א דלאָניע, נאָר: „האָט מאַקסים א דלאָניע געשפּארט", ניט: האָט מאַקסים עטלעכע װערטער צעזייט איבערן פעלד, נאָר: „האָט מאַקסים איבערן פעלד עטלעכע װערטער צעזייט", „די דראָזשקע האָט זיך אַפּן אָפּקער געלאָזן" א. א. װ. א. װ. ער שטעלט אויך אָפט איבער דעם אַדיעקטיװ און סובסטאַנטיװ: ניט: מיט דאָרפישע קויכעס, נאָר: „מיט קויכעס דאָרפישע" א. א. װ.

דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן נודנעקײַט, נודנעקײַט און נודנעקײַט. ניטאָ די פרייד, דער ברויז, דער ענטוזיאַזם, דער אָפּטימיזם, װאָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נײַער סאָװעטישער ליטעראַטור. דער עמאָציאָנעלער טאָן פון פּערסאָװוס „שערבלעך" איז פרעמד דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

# באנקראָט פונ אימפרעסיאָניזם.

אימפרעסיאָניזם איז א סטיל פונ דער פוילנדיקער בורזשואזיע. דאָס איז דער בורזשואזער רעאליזם אינ דער סטאדיע פונ צעפוילונג, דאָס איז א פסעוודאָ־רעאליזם. די סאמע וועזנטלעכע זײַטנ פונ סאָציאלנ ארום פאלנ באם אימפרעסיאָניסט ארויס, אָנשטאָט דעם קומט א יאם דעטאלנ, ליכט־פלעקנ. דער קולט פונ די דעטאלנ גיט א מעגלעכקײַט אויסמײַדנ, אונ אפילע פארקריפלענ די גרונט־מאָמענטנ פונ דער אָביעקטיווערווירקלעכקײַט. דער אימפרעסיאָניסט באהאלט זיכ אינ דיראָזיקע דעטאלנ פונ דער ווירקלעכקײַט. די סאָציאלע פונקציע פונ די דעטאלנ איז ארויסרופנ דעם לייענערס צוטרוי (יעדע דעטאל באזונדער איז דאָכ א שטיקל עמעס) אונ שאפנדיק אנ אילוזיע פונ עמעס, אָפנארנ דערנאָכ אים, פאָרשטעלנ די ווירקלעכקײַט ניט אזוי ווי זי איז.

דער אימפרעסיאָניסטישער סטיל האָט ניט געקענט אויסדריקנ דעם נײַעם סאָוועטישנ אינהאלט, דעם פאפאָס פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. ווענ פערסאָוו איז אריבערגעגאנגענ צו ארבעטנ איבער דער טעמע בירגער־קריג, האָט זיכ פאר אים געשטעלט די פראגע צו מאכנ דינאמישער זײַנ סטיל. בירגער־קריג אָנ דינאמיק, אָנ פאפאָס, אָנ אימפעט איז ניט קיינ בירגער־קריג. די צווייטע קינסטלערישע געשטאלט (פונ קאָמפלעקס אָקסיאַבער), וואָס האָט זיכ געוואָרפנ פערסאָוונ אינ די אויגנ, איז געווענ דער אימפעט. אויכ איצט אָבער האָט ער די געשטאלט געזענ ניט קלאָר, פארנעפלט. אויכ איצט האָט דידאָזיקע געשטאלט זיכ איבערגעבראָכנ דורכ דער אימפרעסיאָניסטישער פריזמע. פערסאָווס בירגער־קריג באשטייט פונ א סומע אָפגעזונדערטע עפיזאָדנ, דאָס איז ניט קיינ אייניהײַטלעכער פראָצעס, ווײַל ער נעמט אופ די ווירקלעכקײַט צעברעקלט. דינאמיק איז אים פרעמד, באקומט זיכ בא אים דער בירגער־קריג סטאטיש. עס פעלט אים קלאָרקײַט, זײַנע זײַנע פארצייכענונגענ געפלדיק. אינ די בירגער־קריג־דערציילונגענ („אימפעט״, „העפקער״ אונ „אינ פאָלעסיע״) איז אים ניט געלונגענ איבערגעבנ דעם „אימפעט פונ בירגער־קריג. די שלאכטנ זײַנענ געשילדערט פויל, נודנע, זיי ציִענ זיכ, ווי פעכ. אינ זײַנ קינסטלערישנ לעקסיקאָנ קומענ צו נײַע ווערטער: שטײַפע, אימפעט, אָנגעשטרענגטקײַט, פארהארטעוועטקײַט א. א. וו. זיי קענענ אָבער ניט ראטעווענ די לאגע. עס העלפט אויכ ניט דער פרווו ווארפנ זיכ צו מעליצע. פערסאָוונ סטײַעט ניט קיינ לאָשנ אפ צו שילדערנ די שלאכטנ. ער שטוקעוועט דעריבער די דערציילונג מיט אנדערע עפיזאָדנ. דער מארק מיט די נודנע קרעמערס אינ „אימפעט״, די אסיפע פונ דער אונטערגייענדיקער וועלט אינ „העפקער״ א. א. וו. פארנעמענ אינ די דערציילונגענ דעם אויבנאָנ אונ גיבנ אינ זיי דעם טאָנ, דעם נודנעם טאָנ. די דינאמיק פונעם בירגער־קריג, דער אימפעט איז ארויסגעפאלנ.

די דערציילונגענ האָבנ קיינ איינ וועזנטלעכנ שטריכ פונ בירגער־קריג ניט אָפגעשפיגלט. דאָכ שטעלנ מיט זיכ פאָר פערסאָווס בירגער־קריג־דערציילונגענ א געוויסנ אינטערעס. אינ די דערציילונגענ איז צו באמערקנ, אז פערסאָוו האָט דערזענ, אז די סאָציאלע שערבלעכ, די יאָרדים פונעם אונטערגייענדיקנ סאָציאלנ קלאס שטרעבנ אָנ זייערע קוילעס צו דערשטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור, רעסטאווירנ די בורזשואזע אָרדענונג. אינ די דערציילונגענ זײַנענ קענטיקער אויסגעדריקט געוואָרנ דעם שרײַבערס סימפאטיעס צו דער נײַער וועלט אונ די סינע צו דער אלטער וועלט. דאָ איז שוינ פאראנ אנ אָנהויב פונ געבנ די שטימונג פונ דער איבערגעגעבנקײַט דער רעוואָליוציע. פערסאָוו האָט דערזענ א נײַעם מענטשנ. פערסאָוו פרווט איבערגעבנ די העראָישקײַט אונ איבערגעגעבנקײַט דער

רעוואָליוציע פונ די נײַע מענטשנ דורכ אַנ אײגנאַרטיקנ אויפנ (אַ מעטאָד, וואָס איז אים נעענטער): ניט דורכ דעם ענטוזיִאַזם אונ טעטיקײַט, נאָר דורכ מידקײַט: „אונ געווענ איז זײַנ קאָפּ (טאַלאַלײַס, — ו. ח.) אַראָפּגעלאָזנ אַפנ פּויסט, וואָס האָט אָפּגעטײלט דעם קאָפּ פונעם טיש אונ די אויגנ האָבנ זיכ פונ זיכ אַלײנ געקלעפּט: שוינ עטלעכע נעכט, ווי דער אויספּירקאָם מאַכט מיט אַנ אויג ניט צו...", „... טאַלאַלײַס אָנגעשוואָלענע קישעלעכ אונטער די אויגנ האָבנ באַוויזנ, אַז דער יאַט האָט שוינ עטלעכע נעכט ניט געשלאָפנ"... („קאָרנבלויט") ער איז נאָכ ניט פײִיק צו אונטערשטרײַכנ די סאַמע וועזנטלעכע כאַראַקטער־שטריכנ פונ אַ קאָמוניסט—אַ קעמפער. ער צעבײַט אים אַפ קלײניקײַטנ. דער קעמפער ווערט דערטרונקענ אינ דעטאַלנ־כאַראַקטעריסטיקעס (ווי ער קלאַפּט פאַרטראַכט מיט די פינגער אינ שויב; ווי ער כאַפּט, אויכ פאַרטראַכט, פליגנ פונ טיש א. א. ו.).

אינ דער דערציילונג „אינ פּאָלעסיע" האָט פערסאָוו אינ דער געשטאַלט כאַראָנ (דער קוריער פונ טשעקאַ) באַמערקט ניט נאָר מידקײַט, נאָר אויכ (זײער בלײכ אונ ניט בוילעט אַפּילע) אַקשאָנעס אונ איבערגעגעבנקײַט דער רעוואָליוציע. דאָס איז כאַראָנס ציטערנ איבער דער פּאַפּקע (עמעצער זאָל זי בא אים ניט אַרויסרײַסנ), ווו עס ליגנ די פּאַפּירנ פונ טשעקאַ, ווײַל מע דאַרפ עס איבערגעבנ געהײם. דאָסזעלבע זײַנ געדאַנקענ־גאַנג, ווענ ער טרעפט אינ דער פינצטער אַ קאָמפּאַניע אונ עס איז פאַראַנ אַ געפאַר צו אומקומענ: „מײלע, אַלצײנס... אָבער דערפאַר אַזאַ שליכעס אויסגעפילט". דאָס זײַנענ שוינ שטריכנ, וואָס וועלנ שפּעטער אינ אַ פאַנאַנדערגעוויקלטער פאָרם אַרײַנ אינ דער געשטאַלט פונעם נײַעם מענטשנ.

## מיטנ פּאָנעם צו דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט.

אײנע פונ די גרויסע אויפגאַבנ אַפנ וועג צום סאָציִאַליזם איז איבערמאַכנ, איבערדערציִענ דעם קלײנבירגער. דערדאָזיקער פּראָבלעם איז געווידמעט זײַנ דערציילונג „טאַכלעס".

„— ווײ איז מיר, דער מאַלכאַמאָוועס איז געקומענ!"—אַזוי באַגעגענענ די קלײנע הענדלער פונ שטעטל האָזנ דעם פינ־אַגענט. זײ קוקנ אַפ אים, ווי אַפ אַ מאַלכאַמאָוועס, פאַרשטײענ ניט, אַז אָט דער פינ־אַגענט טראָגט טויט דעם פּריוואַטנ האַנדל אונ ניט זײ, די קלײנע הענדלער. פערסאָוו האָט אינ „טאַכלעס" באַוויזנ, אַז האָזנ זאָרגט נאָר וועגנ שטעטל, טראַכט וועגנ זײַנ טאַכלעס.

אינ „טאַכלעס" איז קענטיק דער פּראָצעס פונ אויסלײַטערונג פונ נעפּל, דאָס באַפרײַענ זיכ פונעם אימפּרעסיִאָניזם (די אידײִשע דערנעענטערונג צום פּראָלעטאַריאַט גײט בא אים אינ גרונט פּאַראַלעל מיטנ פּראָצעס פונ באַפרײַענ זיכ פונ אימפּרעסיִאָניזם). דער פּראָצעס האָט זיכ ערשט אָנגעהויבנ. אינ דער דערציילונג געפינענ מיר שוינ אינטערעסאַנטע אונ כאַראַקטעריסטישע רעאַליסטישע בילדער פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. עס איז שוינ צו באַמערקנ, אַז צווישנ דעם כאַאָס דעטאַלנ, ליכט־פלעקנ אונ געדאַנקענ־פּלאָנטער הויבנ זיכ אָנ אויסשײלנ קאָנטורנ פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט. דער מענטש איז דאָ נאָכ פאַרגעשטעלט נעפּלדיק, דער דיִאַלאָג הויבט אָבער אָנ אינדיווידואַליזירט צו ווערנ. דער מענטש איז נאָכ ניט אַקטיוו, אָבער שוינ אויכ ניט אַזוי פּאַסיוו, ווי פריִער. האָזנ בלײַבט ניט שטעקנ מיט דער פראַגע „וואָס וועט זײַנ דער טאַכלעס". ער נעמט אָנ פּראַקטישע מאָסמיטלענ צו באַזעצנ די שטעטלדיקע (אָרעמקײַט) אַפ ערד. עס פאַרשטײט זיכ, אַז דער טאַכלעס איז ניט נאָר ערד. פערמאָן וועט ערשט שפּעטער באַנעמענ די גאַנצע קאָמפּלי־

צירטקייט פונ דעם דאָזיקנ פּראָצעס. אָבער א וויכטיקנ טייל האָט ער שוינ אופגעכאפּט. דאָ דארפ אָנגעוויזנ ווערנ, אז דאָס שטעטל איז בא אים פאָרגעשטעלט קימאָט ניט קלאסנ־דיפערענצירט. אלע קרעמער, באקומט זיכ בא אים, זײַנענ אָרעמע. דערפאר ווענדעט ער זיכ צום גאנצנ מארק מיט דער פראגע „וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס".

„פּערעטשעפּ איז א ייִדיש שטעטל. פונ טאָמיד אָנ קלייג־הענדלער, קאפּצאָנים, וואָס האָבנ געצויגנ כעיונע פונ לופט, פונ א גמילאסכעסעד, פונ נעכטיקע טעג, פונ האנדל־וואנדל, פונ פּוסטע האָפענונגענ, פונ וויסטע כאלוימעס" א. א. וו.

מיט איינ וואָרט—קאפּצאנסק...

אינ דער ווירקלעכקײַט איז אָבער אויכ קאפּצאנסק קלאסנ־דיפערענצירט. פערסאָוו ועט עס אָבער ניט.

זייער אָפט איז פערסאָוו נאָכ ניט פייִק צו זענ די ווירקלעכקײַט אזוי ווי זי איז. אָט איז דער מארק בא אים אזוי פאָרגעשטעלט:

„הײַנט וואָס בלײַבט שוינ פונ א מארק, אז די פארבליבענע ריי קראָמענ—דער שטיינערנער קאָרפּוס איז פארנומענ מיטנ זאָוועטישנ מעלוכע־מיסכער... איז בעמיילע קומט אויס דעם ייִדישנ מיסכער — געבויט אפ גמילאס כאסאָדים אונ אמעריקאנער קרויווישע דאָלערנ—טוליענ זיכ אינ רונדוקלעכ, אינ פאנירנע בײַדלעכ, אפ אָפענע טישלעכ, אונטער פארוסינענעם צודעק" („קאָרנברויט").

דאָ ווערט קעגנגעשטעלט דער סאָוועטישער האנדל דעם ייִדישנ מיסכער. דאָס איז בא פערסאָוונ אפ יענעם עטאפ ניט צופעליק. דער דרוק פונ בורזשואזיִנ נאציִאָנאליזם פילט זיכ אינ דער דערציילונג אויכ אינ זײַנ צוגאנג צום „ייִדישנ פאָלק", ווי צו אנ איינהײַטלעכ גאנצע, וואָס איז, קלוימערשט, ניט קלאסנ־דיפערענצירט... מיר האָבנ דאָ בא פערסאָוונ מאָמענטנ פונ בורזשואזנ נאציִאָנאליזם.

## דער קלאסנ-קאָנפליקט אינ „קאָנטראקטאציע".

אינ 1930 י. האָט זיכ באוויזנ פערסאָווס ערשטע גרעסערע זאכ „קאָנטראקטאציע". איכ וויל זיכ דאָ אָפּשטעלנ בלויז אפ צוויי גרונט־פראגנ.

דער סיוזשעט פונ „קאָנטראקטאציע" ווערט פאנאנדערגעוויקלט ארום דעם קאמפ קעגנ די קלאסנ־סאָנים, וועלכע סטארענ זיכ אראָפּרײַסנ אונ פארקריפלענ די זאכ פונ דער קאָנטראקטאציע. מע קענ זאָגנ, אז דער סיוזשעט טרעט דאָ ביכלאל ארויס צום ערשטנ מאָל אינ פערסאָווס שעפערישער פראקטיק. דער קלאסנ־קאָנפליקט האָט געבראכט דעם סיוזשעט. די דינאמיק פונעם קלאסנ־קאָנפליקט—דאָס איז די דינאמיק פונ די געשטאלטנ. פונ איינ זײַט—דער „סאָוועטישער" ספעצ באָגינ, דער אָפּאָרטוניסט מאנדרוס, דער באלעגופ מאליִנ, דעם באלעגופס אונטערלעקער אנדריי; פונ דער צווייטער זײַט,—דער ארויסגערוקטער ארבעטער סיוואלאפ, די באוווסטזיניקע אָרעם־פויערטע סטעפאנידע (אנדרייס ווײַב א. אנד.)—דידאָזיקע סיוזשעט־ליניע ווערט ענג איבערגעפלאָכטנ מיט א צווייטער ליניע—ארום דעם, וואָס דער „סאָוועטישער" ספעצ באָגינ איגנאָרירט דעם ארויסגערוקטנ ארבעטער סיוואלאפנ, וועלכנ מע האָט געשיקט צו אים לערנענ זיכ אָנפירנ מיט דער קאָנטראקטאציע־ארבעט. באָגינ וויל אים ניט לערנענ.

מע דארפ זאָגנ, אז אינ „קאָנטראקטאציע" האָט זיכ פערסאָוונ ניט אײַנגעגעבנ, אינ דער געהעריקער מאָס קינסטלעריש, צו רעאליזירנ די פארטראכטע אידיי. פערסאָוו האָט

זיכ נאָכ אינ אָט דעמ ווערק ניט דערהויבנ צו קענענ געבנ זײַנ אידעאָלאָגישנ איבערגעבורט אינ קינסטלערישע געשטאלטנ.

דער בוכ „קאָנטראקטאציע“ לײַדט פונ א גרויסנ גרונט־כעסאָרנ. דער קלאסנ־קאָנפליקט איז דאָ פארטריבנ, פארקוועטשט אינ אנ אנשטאלט. די סאמע אינטערעסאנטסטע זײַטלעכ פונעמ בוכ זײַנענ טאקע יענע, ווו דער שרײַבער רײַסט זיכ ארויס פונ אנשטאלט, ווארפט אריבער דעמ קלאסנ־קאָנפליקט אינ דאָרפ (צומ באדויערנ, פארנעמט דאָס אינעמ בוכ זייער א קליינעמ אָרט). אָבער אינ די עטלעכע געציילטע זײַטלעכ איז דעמ שרײַבער געלונגענ צו געבנ א קינסטלערישע פארצייכענונג פונ קלאסנ־קאמפ אינ דאָרפ.

אָט דאָס פארשפארנ זיכ אינ אנשטאלט האָט אָפּגענומענ פונ דער קאָנטראקטאציע א וועזנטלעכע זײַט—די פּראָבלעמ „קאָנטראקטאציע“ איז דאָ ניט צונויפגעבונדנ מיט דער פּראָבלעמ פונ קאָלעקטיוויזאציע. די ברייטע סאָוועטישעווירקלעכקײַט איז געבליבנ הינטער די קוליסנ פונעמ בוכ. עס איז קלאָר, אז דאָס איז ניט קיינ צופעליקע קאָמפּאָזיציע. דאָס איז אנ אָפּגרעבנ פונ דער אימפּרעסיאָניסטישער מאניער בויענ א ווערק — אויסקלײַבנ א פארוואָרפנ ווינקל, פארשפארנ זיכ אינ א צימער, ווײַכנ פונ דער ווירקלעכקײַט.

אַרומ די פיגורנ זשוק־קאָלטונ (זשוק—א סאָוועטישער ספּעצ, וועלכער לערנט אָבער ערנסט אונ ערלעכ דעמ ארויס ערוקטנ ארבעטער קאָלטונ) אונ באָגינ—סיוואלאפּ וואָרפט פערסאָוו א שײַנ אפ דער ספּעצ־פּ אָבלעמ. ניט אלע ספּעצנ זײַנענ שעדיקער. זשוק איז פאָרגעשטעלט אינ זייער סימפּאטישע שטריכנ. דורכ מאראזנ (סעקרעטאר פונ פארטיי־קעמערל) ווערט באוויזנ, אז דער קלאסנ־סוינע קריכט דורכ דאָרטנ, ווו די פארטייִשע אָנפירונג איז שוואכ.

פערסאָוו פארנעמט זיכ אינ ווערק מיט דער פּראָבלעמ פונ נײַעמ מענטשנ. ער סטארעט זיכ אימ ווײַזנ. דאָס גיט זיכ אימ נאָר טיילווײַס אײַנ. אזוי צ. ב. סטעפּאנידעס אקשאָנעס אונ גרויסע סינע צומ באלעגופּ מאלינינ א. אנד. די צענטראלע געשטאלט אָבער סיוואלאפּ, איז ניט געלונגענ. אויכ טיוואלאפּ איז אקשאָנעסדיק, אָבער זײַנ אקשאָנעס איז א פוילע אונ א פּאסיווע, א שווײַגערישע, אנ אקשאָנעס פונ אָפּטרעטנ אונ ניט אָנגרײַפנ.

עס ווילט זיכ דורכפירנ א קליינע פּאראלעל צווישנ סטעפּאנידענ אונ סיוואלאפּנ. דעמ באלעגופּ מאלינינען האָט זיכ אײַנגעגעבנ אונטערוואָרפנ אונטער זײַנ ווירקונג אנדרייענ, סטעפּאנידעס מאנ—אנדריי שלאָגט סטעפּאנידענ פאר איר האָזע קעגנ דעמ באלעגופּ. אינ דאָרפסאָוועט זיצנ קלאסנ־פרעמדע עלעמענטנ. מאלינינ ארודעוועט ניט געשטערט. סטעפּאנידע איז אינ א שווערער לאגע. דאָ אינ דאָרפ קענ זי זיכ צו קיינ רעזולטאט ניט דערשלאָגנ. זי טרעפט דעמ וועג צו דער ארבעטער־פויערישער אינספּעקציע. אונ סיוואלאפּ, וועלכער האָט דורכגעמאכט דעמ בירגער־קריג, אנ ארויסגערוקטער ארבעטער, א מיטגליד פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי, זיצט אינ מאָסקווע (דאָס איז אויכ וויכטיק), זעט די ארבעט פונ קלאסנ-סוינע אינ זײַנ אנשטאלט, אָבער... פונ ווייטעק איז אימ געשוואָלנ געוואָרנ די האלדז, אינווייניק קאָכט בא אימ, אסאכ ווערטער, שארפע, ווי מעסערס האָבנ זיכ אָנגעקליבנ בא אימ, אָבער ער קענ זיי ניט ארויסברענגענ. ווערגט ער זיכ מיטנ ווייטעק, אָט־אָט ווערט ער דערשטיקט. ווו איז דער אויסוועג? וואָס קענ זײַנ פּאשעטער, ווי צוביינ אָט אהינ, ווו ס׳איז אוועק די ניט גראמאָטנע סטעפּאנידע? סיוואלאפּ זוכט אנ אנדער אויסוועג. ער וויל אנטלויפנ פונ אנשטאלט... ניט אזעלכע זײַנענ אָבער געווענ די ארויסגערוקטע סיוואָלאפּס.

בעסער איז באוויזנ געוואָרנ דער קלאסנ־פײַנטלעכער לאגער. איבערהויפּט באָגינ אונ

מאלינינ. עמעס, באַגינס שעדיקערײַ איז דאָ באוויזנ געוואָרנ נאָר אלס א רעזולטאט פונ זײַנ בורזשואזער ווירטשאפטלעכער לאָגיק. דער פאָליטישער זינ איז דאָ פארטושירט געוואָרנ. ער טײַנעט, אז קאָנטראקטנ דארפ מענ שליסנ ניט מיטנ אָרעמ־פויער, נאָר מיטנ באלעגופ, ווײַל אזוי האָט מענ נאָכ אמאָל פארנ קייסער געטאָנ אינ קיִעוו. דער באלעגופ איז א זיכערער קליִענט... דער אָרעמער פויער וועט ניט האָבנ אפילע מיט וואָס צו באצאָלנ. דאָס איז א בוילעטע באלעגופישע טעאָריע. פערסאָוו האָט אָבער דידאָזיקע מאסקע פונ קלאסנ־סוינע ניט אראָפגעריסנ.

## „טאכלעס" אפ א העכערער שטופע.

אינ פערסאָווס לעצטנ בוכ „טאָג אונ נאכט" גייענ ארײַנ אויסער „טאכלעס" (אָנגעשריבנ אינ 1927 י.) נאָכ דערציילונגענ. אינ 1927 י. האָט זיכ פערסאָוו פאָרגעשטעלט, אז דער טאכלעס פונ שטעטל איז בלויז אריבערוואנדערנ אפ ערד. אונ דאָס שטעטל? דארפ כאָרעוו ווערנ? אפ דער פראגע האָט ער קיינ ענטפער ניט געגעבנ. ער האָט זי אפילע ניט געשטעלט. איצט שטעלט ער די פראגע אונ באווײַזט, אז דער טאכלעס פונ שטעטל בײַט ניט נאָר לויט דער איינ ליניע. שאכטעס, זאוואָדנ, אָרטיקע ארטעלנ, דאָס שטעטל ווערט רעקאָנסטרויִרט,—דאָס אלצ זײַנענ די וועגנ צו דעמ נײַעמ סאָוועטישנ טאכלעס.

דער סיוזשעט ווערט דאָ פאנאנדערגעוויקלט ארומ דעמ קאמפ קעגנ דעמ נאצדעמאָקראטישנ געזערד־טוער סלעפיאנ, וועלכער זעט דאָס שטעטל א ניט־דיפערענצירטע: „גאנצ פאניעראג האָט ער אופגעבויטעט צוזאמענ, ווער איז דאָ אינ צעטל ניט געווענ. (צו שיקנ אפ ערד—וו. וו.)? הענדלער, קרעמער, באלמעלאָכעס, אלמאָנעס, אינוואלידנ, קוסטארנ, ארבעטער, וואָס ארבעטנ אינ קליינע ווארשטאטלעכ, אָנגעשטעלטע אונ אפילע לייבעטשקא פראג איז אויכ אינ צעטל". סלעפיאנ טײַנעט: „פאניעראנ איז א טיפיש שטעטל פונ דעקלאסירטנ עלעמענט". ער איז קעגנ שיקנ ייִדנ אפ א זאוואָד: „די שטעטלדיקע דעקלאסירטע ייִדישע באפעלקערונג וועט נאָר אפ ערד קומענ צו א געוויסנ טאכלעס"... די שטאָט אָבער, די אונטערנעמונג „פירט צו אסימיליאציע" („טאָג אונ נאכט").

די „פראוודא" האָט אינ 1929 י. אינ א פרעסע־איבערזיכט איבער די 3 ייִדישע צענטראלע צײַטונגענ אָנגעוויזנ אפ דער נייטיקײַט צו פארשטארקנ דעמ קאמפ קעגנ נאצאָפאָרטוניזמ אינ דער געזערד־פראקטיק.

די אופגאבע קינסטלעריש דעמאסקירנ דעמדאָזיקנ נאצאָפאָרטוניזמ איז זייער אנ אקטועלע אונ מע דארפ צוגעבנ, אז פערסאָוו האָט זיכ מיט דערדאָזיקער אופגאבע אינ אלגעמיינ ניט שלעכט ספראוועט. דער קאמפ קעגנ סלעפיאנענ איז דאָ באוויזנ געוואָרנ מיט דעמ, וואָס אלצ ארומ רעדט קעגנ אימ. דאָס לעבנ לייקנט אָפ זײַנ טעאָריע. דער קאָלווירט „לעקערט" איז א געזונטער. די שטעטלדיקע ארטעלנ זײַנענ פעסטע אונ האָבנ פערספעקטיוו אפ וווקס. דאָ איז פאראנ א געזונטער באָדנ פאר די האָרעפאשניקעס, נאָר בלינדע אָדער פארביסענע קלאסנ־סאָנימ קענענ ניט (ווילנ ניט) זענ, אז סליעפיאנ איז ניט גערעכט. די קאָלווירטניקעס פונ „לעקערט" זײַנענ קעגנ סלעפיאנענ „א געזונטנ צאָנ—זאָגנ זיי—רײַסט מענ ניט פונ מויל", עליע דער סטאָליער, אלטער דער באלעגאָלע האָבנ אויסגעדריקט די שטימונג (קעגנ סלעפיאנענ) פונ דער גאנצער האָרעפאשנער באפעלקערונג פונ שטעטל.

דאָ איז גלײַכצײַטיק געווענ נייטיק צו דעמאסקירנ די אסימיליאציע־טעאָריע פונ סלעפיאנענ. פערסאָוו גייט עס אָבער פארבײַ.

דער שרײַבער צעקלאפּט ניט דידאָקטישע אינ גרונט נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע.

מע דאַרפ אויכ אָנווײַזנ, אַז דער קאַמפּ קעגנ סלעפּיאַנעג ווערט אינ דער דערציילונג אָפּגעשוואַכט דורכ דעמ, וואָס דער שרײַבער סטאַרעט זיכ אונטערשטרײַכנ, אַז סלעפּיאַנ איז פאַרפירט, ער איז, קלוימערשט, בלינד. דאָס איז באַזונדערס פאַלש, ווײַל סלעפּיאַנ טרעט דאָכ אַרויס אינ דער דערציילונג ווי אַ צווייפּענעמדיקער: פאַר זײַנע נאַצדעמישע מײַסימ האָט ער צוויי מאָטיוונ—איינעמ פאַר זיכ אונ איינעמ פאַר לײַטנ.

פערסאָוו האָט זיכ אינ דער דערציילונג באַדײַטנדיק באַפרײַט פונ זײַנ אימפּרעסיאָניזמ. ער האָט אָבער אינ דערזעלבער צײַט באַוויזנ, ווי אייניקע שרײַב־מאַניערנ פונ אימפּרעסיאָניסטישנ אַרסענאַל קענענ אויסגענוצט ווערנ אינ דער סאָוועטישער ליטעראַטור. איכ האָב דאָ אינ זינענ, דעריקער, דעמ כוש פאַרנ דעטאַל. מע וואָלט געקאָנט ברענגענ אַסאַכ געלונגענע בײַשפּילנ. אָפּטמאָל שפּילנ די דעטאַלנ אַזאַ גרויסע פונקציע, אַז זיי דערמאָנענ אָנ סימוואָלנ. אַזוי צ. ב. איז אינ „קאָנטראַקטאַציע״ די דעטאַל וועגנ דעמ, ווי באָגינ גיט אַ קוק אַפּנ וואַנט אונ באַגעגנט זיכ מיט דזערזשינסקיס פּאָרטרעט אויג אָפּ אויג אַקוראַט דעמלט, ווענ ער לייענט דעמ קאָנטראַקטאַציע־פּראָיעקט, וואָס איז פּאַקטיש דורכ אונ דורכ צונויפגעשטעלט געוואָרנ אינ שעדיקערײַ־צילנ — באָגינ דערפילט דאָ, אַז אימ וועט זיכ ניט אײַנגעבנ צו נאַרנ דער סאָוועטישער מאַכט. דאָס איז שוינ עפּעס מער, ווי אַ דעטאַל, אָדער דער הונט „פּאַנוואַל״ אינ קאָלווירטס „לעקערט״ („טאָג אונ נאַכט״), זײַנ האַווקענ, וואָס דערמאָנט אָנ פּאָנוואַלס אַלקאָהאָל־הוסט איז אַ דעטאַל מיט אַ גרויסער סאָציאַלער פונקציע. צוזאַמענ מיט דעמ זײַנענ נאָכ פאַראַנ אינ דער דערציילונג גענוג איבעריקע דעטאַלנ, וואָס מאַכנ זי שווער־וואָגיק, צעצויגנ (די געשיכטע מיט דער קאַנאַפּע, די מײַסע מיטנ שטיול; פערסאָוו לאָזט זיכ לײַכט פאַרפירנ פונ אַלערליי אַסאָציאַציעס).

## דאָס סאַמע שוואַכע אָרט.

„טאָג אונ נאַכט״ האָט אויכ באַוויזנ פערסאָווס סאַמע שוואַכנ אָרט. דאָס איז דער אופנ פונ שילדערנ דעמ נײַעמ מענטש. מיר וועלנ זיכ אָפּשטעלנ אָפּ דעמ, ווי פערסאָוו שילדערט די געשטאַלט אײַזיק טשערניאַק.

טשערניאַק רעזאָנירט. ער איז אָבער פּאַסיוו. זײַנ טאָגטעגלעכע אופירונג איז עפּעס ניט ענלעכ אָפּ אַ באָלשעוויסטישער. טשערניאַק איז קאַלטבלוטיק אונ ניט אַקטיוו. טשערניאַקס באַציִונג צומ אַרומ טרעט פאַר אונדז אַרויס, ווי אַ גלײַכגילטיקע. טשערניאַק בלאָנדזשעט איבער די גאַסנ, איבער מערק, ער גייט לאַנגזאַמ אונ איז קעסיידער פאַרטראַכט. אָט שטעלט ער זיכ פאָר ווי ער וועט דאָס קומענ צומ פעטער, ווי מע וועט אימ אופנעמענ אונ אָט טראַכט ער גלאַט אַזוי; („אַזוי פּאַסט פאַר אַנ ערנסטנ מענטשנ״).

ער פאַרגעסט אויכ ווו ער איז אונ וואָס ער טוט.—„ער האָט אַליינ ניט געוווּסט וווּהינ ער גייט״, נאָר אָט באַמערקט ער מיטאַמאָל אַנ עלעקטרישנ גאַס־לאָמפּ, פאַרקוקט ער זיכ, געדאַנקענ פּלאָנטערנ זיכ בא אימ אינ קאָפּ איינע נאָכ איינע. „אינ קאָפּ האָבנ זיכ געטראָגנ געדאַנקענ, ווי קריִעס אײַז אינ אַ פרילינג־געוויסער״, „באַלד אָבער איז אָנגעקומענ דער געדאַנק געקומענ אונ פאַרשטעלט דעמ פריִערדיקנ״, פאַרטראַכטקײַט—דאָס איז איינ שטריכ, וואָס פערסאָוו מערקט אָפּ אינ טשערניאַקס כאַראַקטעריסטיק. אַ צווייטער שטריכ—טשערניאַק איז אַ שווײַגער. „ביידע (טשערניאַק אונ כאַבאַטקע—וו. וו.) זײַנענ געגאַנגענ אונ געשוויגנ אַביסל ברויגעז״, „שלוימע־וואָלפּ אונ אײַזיק טשערניאַק זײַנענ געגאַנגענ באַנאַנד

מיטנ שמאָלנ ווענגעלע און—געשוויגנ", „טשערניאַק האָט נאָכ אלצ געשוויגנ", א. א. וו. ער שווײַגט אפילע, ווענ מע פרעגט אימ:—„אײַזיק ענטפערט ניט, אײַזיק איז פארנומענ מיט זײַנע געדאנקענ" „אפ עליענ מאכט אײַזיק א שווערנ אײַנדרוק" (אפנ לייענער אויכ, פארשטײט זיכ). אײַזיק שווײַגט אפילע דעמלט, ווענ ער טאָרניט שווײַגנ. אזוי צ. ב., ווענ סלעפיאַנ לייענט דעמ צעטל פונ די, וועלכע ווערנ געשיקט אינ קרימ, ווערט אײַזיקנ קאָשע: „אײַזיקנ האָט זיכ געוואָלט א פרעג טאָנ: „געשיקט זיכ עס, אז איצט זײַנענ אלע גלײַכבארעכטיקטע האָרעפאשניקעס, אפילע פראג אויכ, וואָס מע מעג זיי שיקנ אלעמענ לויט די נאַריאַדנ פונ קאָמערד!.." ער האָט זיכ אָבער ניט ארײַנגעמישט, ניט אָפגעשטעלט סלעפיאַנס נאַציאָנאליסטישע מײַסימ, אונ אפילע דער אויפנ פונ טראַכטנ „געשיקט זיכ עס..." איז עפעס אזא פוילער אונ צעצויגענער. טשערניאַק שווײַגט אויכ דעמלט, ווענ סלעפיאַנ גרײַפט אפ אימ אָנ מיט זײַנע נאַציאָנאליסטישע טעאָריעס, זעט ווי ער רעאגירט: „טשערניאַק האָט מיט פארדראָס א פאָכ געטאָנ מיט דער האנט", „טשערניאַק האָט אימ (סלעפיאַנענ—וו. וו.) ניט געענטפערט, טשערניאַק האָט פארויכערט א פאפיראָס אונ געלאָזנ דעמ רויכ לאנגזאמ אונ קאלט דורכ די נאָזלעכער". אפ בראגינס קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אגיטאציע רעאגירט ער אויכ אזוי: „—הערט ער אימ אויס שטיל, שווײַגנדיק, דערנאָכ גיט ער אימ א בלאָז א פולנ מויל רויכ אינ פאָנעמ".

דער פאפיראָס מיטנ רויכ פארבײַטנ טשערניאַקס קלאסנקאמפ.

פערסאָוו טײַטשט דעמ רויכ אפ פארשיידענע אויפאנימ—„ער האָט ארויסגעלאָזנ רויִקע דינגעלעכ רויכ דורכ די ליפנ" (אײַזיק איז רויִק), אײַזיק „האָט פארצויגנ א פאפיראָס", „פארצופט זיכ מיט אסאכ רויכ", „אײַזיק רויכערט א פאפיראָס נאָכ א פאפיראָס", „ער שארט אראָפ די אש פונ פאפיראָס", „אײַזיק דרייט א פאפיראָס" (אײַזיק הויבט אָנ ארויס־גיינ פונ די קיילימ), אײַזיק האָט „א שלײַדער געטאָנ דעמ ניט דערויכערטנ פאפיראָס", „האסטיק א וואָרפ געטאָנ דעמ אָנגעצונדענעמ שוועבעלע אָנ דער ערד" (אײַזיק איז אופ־גערעגט).

אזא אופירונג רופט ארויס בא די האָרעפאשניקעס אנ אומצוטרוי צו טשערניאַקנ (א גערעכטנ), ווײַל אזוי טוט ניט א קאָמוניסט. „וואָס דערציילסטו אונדז וואָס סלעפיאַנ זאָגט... דו זאָג בעסער ווי קוקסטו אפ אזעלכע זאכנ..."—אזוי זאָגנ צו אימ די האָרעפאש־ניקעס.

מיט „פניע־פראגעלעכ" ווענדעט ער זיכ אויכ צו די ניט ייִדישע קאָלווירטניקעס פונ קאָלווירט „טשאפאיעוו" (ער וויל אויספרעגנ צי זיי זײַנענ גערנ, אז דער ייִדישער קאָל־ווירט זאָל זיכ אריבערפעקלענ אינ קרימ: „אונ עפשער איז גלײַכער, אז זיי זאָלנ טאקע פאָרנ"). אזא פראגע ברענגט שאָדנ. עס איז דערנאָכ ניט אזוי לײַכט אָנגעקומענ אײַנצור־שטילנ די סאָציאַל־פרעמדע טײַנעס פונ אייניקע אָפגעשטאנענע קאָלווירטניקעס: „ערד איז דאָ וויניק... זאָלנ זיי טאקע פאָרנ".

אויכ כאבאטקע—דער סעקרעטאר פונ רײַקאָמ פונ פארטיי איז דאָ געשילדערט געוואָרנ ווי א שווײַגער אונ ניט קיינ דרייסטער. ער פילט, אז סלעפיאַנ טוט ניט דאָס, וואָס מע דארפ, אָבער ער טוט גאָרניט אפ אָפשטעלנ סלעפיאַנס מײַסימ, ווײַל ער איז, קלוימערשט, ניט זיכער צי סלעפיאַנ טוט ניט ריכטיק. וואָס זשע טוט ער אפ קלאָר מאכנ זיכ, צי טוט סלעפיאַנ ריכטיק, צי ניט—גאָרנישט. „איכ בינ א קאלאָמנער"—טײַנעט ער. דאָס ייִדישע שטעטל איז אימ וויניק באקאנט.

פערסאָוו האָט כאבאטקענ, ווי טשערניאקנ, געוואָלט ווייַזנ ווי א גוטנ פארטייער, ער האָט זיי אָבער צוגעשריבנ פאלשע אנטיפארטייִשע שטריכנ, פארקריפּלענדיק די געשטאלט פונ א באָלשעוויק.

פערסאָוו האָט זיכ נאָכ ניט אינגאנצנ באפרייַט פונ אימפּרעסיאָניזמ, אָבער דער רעא־ליזמ איז שוינ געוואָרנ די פירנדיקע זייַט אינ זייַנ שאפונג.

פערסאָוו לייַדט שטארק פונ א געוויסער קינסטלערישער קאָנסערוואטיווקייַט. ער האָט זיכ אייַנגעשלאָסנ אינ אנ ענגנ קרייַז פראגנ אונ טעמעס. עמעס, ער האָט זיכ באדייַטנדיק פארטיפט אינ דער טעמע שטעטל (באמ פארגלייַכנ „טאכלעס“ אונ „טאָג אונ נאכט“ האָבנ מיר עס געזענ), אָבער עס איז נויטיק, ביז גאָר נויטיק ארומכאפּנ א ברייטערנ קרייַז פראגנ, ארייַנעמענ אינ דער ליטערארישער פראקטיק א גרעסערנ פעלד פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקייַט. דאָס וועט אימ אָנ שומ ספק מיטהעלפנ גיכער באפרייַענ זיכ פונ זייַנ אימפּרעסיאָניסטיש־קינסטלערישער פארגאנגענהייַט, באהערשנ דעמ סאָציאליסטישנ רעאליזמ.

י. סערעבריאַני

# אונדזער שרײַבערישע יוגנט

## מאָטע דעכטיאַר

מאָטע דעכטיאַר איז א יונגער אייגנאַרטיקער טאַלאַנט. אליין א קאָמיוגיסט, אן ארבעטער־בויער, געקומען פון די טיפענישן פון די האָרעפּאַשנע פאָלק־מאַסן. אין דער ליטעראַטור איז ער ארויסגעטראָטן מיט אביסל א שעפּעליאַוער, שוואַך־ארטיקולירטער דערציילונג („נעמויערט", צײַטונג „אָקטיאַבער" 1931 י.), וואָס איז נאָך איבערפולט מיט א ריי שפּראַכלעכע ליאַפּסוסן, מיט זייער א פּרימיטיווער האַנדלונג און פּרימיטיוון געדאַנקן־קרײַז. אָבער באַלד נאָך דעם, האָט ער געגעבן א ריי „פראַגמענטן", וועלכע האָבן איבעראַשט מיט זייער פרישקײַט און זאַפטיקײַט. קימאַט אַלץ איז אין די דאָזיקע שאַפונגען נײַ: די טעמאַטיק, די שפּראַך, די באַלויכטונג. זײַן באַליבטע טעמע,—דאָס איז די „רישטעוואַניעס", די דאָזיקע היפּש „דיסקרעדיטירטע" טעמע (אַדאַנק פאַרשיידענע וווּלגאַריזאַטאָרן און צרפּאַסלער), האָט דעכטיאַר אין א היפּשער מאָס רעאַבילירט און נאָך ניט אויסגעשעפּט ביזן הײַנטיקן טאָג. ער גיט אַלץ נײַע און נײַע פראַגמענטן, וואַריאַנטן, קאַפּיטלען, וואָס מאַכן פולער דעם בילד פון דעם אָווטערס אינטערעסן־קרײַז, פון זײַן אידייִש־שעפערישער פיזיאָנאָמיע, וועזן זײַן שטאַרקײַט און שוואַכקײַט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט די אַלע דערציילונגען איז, וואָס זיי גופא זעען אויס, אין א ריי הינזיכטן, טאַקע ווי „רישטעוואַניעס" ארום עפּעס א זיך־בויענדיקער געבײַדע. מיר קענען נאָך ניט ווּיסן גענוי, ווי־אַזוי וועט עס אַלץ אויסזען, אָבער עפּעס זײַנען מיר אָנגעפילט מיט גלויבן, אַז מאָטע דעכטיאַרס ליטעראַרישע געבײַ וועט ענדלעך ארויסקומען א גאַנצע, ארומגעשליפענע און פאַרענדיקטע.

עמעס, אויסער די רישטעוואַניעס האָט שוין דעכטיאַר באַריט א ריי אַנדערע דערשײַנונגען, (אין די דערציילונגען: „קאַרטאָפל", „בײַ א קאָלווירטיש שטיבל", „א שול אַפּ קאַמאַראָווקע", „קאָמיוגישע וואַכטע" א. אנד.). אָבער דאָס זײַנען דאָך געבליבן ניט מער ווי „נעלעגנהײַט"־דערציילונגען, וועלכע האָבן, נאַטירלעך, אַסאַך באַרײַכערט דעכטיאַרס דערפאַרונג און אים געבראַכט גרויסע נוצן, אָבער די הויפּט־אויפמערקזאַמקײַט איז דערווײַל געווידמעט די „רישטעוואַניעס".

דאָ האָט זיך שוין דעכטיאַרן אײַנגעגעבן אַרויסצופירן א היפּשע גאַלעריי פיגורן, סיטואַציעס, וועלכע ווײַזן בולעט זײַנע שעפערישע מעגלעכקײַטן.

פאַראַן א ריי שטריכן אין דעכטיאַרס שאַפן, אַף וועלכע עס איז נייטיק שוין בעסער זיך אָפּשטעלן. דאָס איז זײַן נאַטוראַליסטישע טיילווײַז צעכישע מאָלערישקײַט; זײַן

ראָמאַנטישע, אָפט סענטימענטאַלע פאַטעטיק; דער אינטימער, קימאַט אידילישער טאָן, און די לאָקאַלע באַפאַרבונג. דאָס זײַנען עפּשער צו שרײַענדיקע און ניט פינקטלעכע באַצייכענונגען פאַר דעם שאַפן פון אַ יונגן, נאָך ווײַט ניט אויסגעפאָרמירטן פּראָזאַיִקער, אָבער אַ פאַקט איז, אַז אין דערכטיארס שאַפן זײַנען אַזעלכע עלעמענטן פאַראַן. מע דאַרף זיך נאָר פאַנאַנדערקלײַבן אין וואָס באַשטייט קאָנקרעט זייער פּרינציפּיעל־ליטעראַרישער און סאָציאַלער טאָך. צי שפּילט ער אַ פּאָזיטיווע ראָל אין דערכטיארס שאַפן, אָדער פאַרקערט, מע דאַרף דערכטיארן וואָרענען וועגן דעם.

אין וואָס באַשטייט לויט מײַן מיינונג, דערכטיארס גרונט־כיסאָרן? פריִער פאַר אַלץ אין דעם, וואָס ער וואַלגערט אָן אָפּט אַן אומגעהויערע צאָל לאָקאַלע בילדער און באַצייכענונגען (עפּיטעטן, פאַרגלײַכונגען, באַשרײַבונגען א. א. וו.), אַ ריי „פלעקן”, וועלכע זײַנען עפּשער אָן און פאַר זיך פריש, טרעפלעך און אינטערעסאַנט; זיי שטערן אָבער אָפט דעם גאַנג פון דער אַלגעמיינער האַנדלונג און באַזינונג פון דעם ווערק. אַשטייגער אַזאַ באַשרײַבונג.

„און הויך איז נאָך די זון, דער טאָג אין רעכטן ברען. ס'האָט ליב אַ זון באַלעקן מיט אירע לאַנגע פאַרצויגענע שטראַלן היים פאַרשוויצטע פּענעמער. אַך, וויפל שטראַלן ווערן פאַר אַ טאָג פאַרכליאַפּעט אין וואַנט, שטראַלן פריילעכע, טאַנצנדיקע אָפן בוט ווערן צעדרונגען אונטער מוליאַרישע הענט. באַ דער זון זײַנען שטראַלן ביז נײַע פאַראַן, אַזוי זאָגט פאַלק,—און פליוכעט זאַליווקע אין בוט. און ווידער אַפּולע שײַקע געדיכטע צעשוימטע זאַליווקע, ווי גוטע אײַנגעשטאַנענע סמעטאַנקע כאָטש נעם און זופּ זי (זיך?) אָן („אָפּ רישטעוואַניעס” זשורנאַל „שטערן” 5—4 1931 י.).

אָט אַזאַ מין „קליאַקסע” ווערט אײַך אַרופגעוואָרפן אינמיטן דער אַרבעט אָפּ די רישטעוואַניעס. אַזעלכע בײַשפּילן זײַנען פאַראַן גענוג.

דאָס הייסט אָבער אין קיין פאַל ניט, אַז דערכטיאַר דאַרף אָוועקוואַרפן זײַן מאָלערישקײַט, מיט וועלכער עס געלינגט אים אָפּט אַרויסצוברענגען מענטשן און געשעענישן.

דערכטיאַר האָט אַרויסגעפירט אַ ריי יונגע און עלטערע אַרבעטער, אַרבעטערנס און יעדער פון זיי פאַרמאָגט זייער טרעפלעכע אויסערלעכע און אינערלעכע שטריכן: דער אויסזען, געוווינהײַט, רייד־אַרט א. א. וו. טעוועלע בראַנד, יודקע—דער אַלטער מוליער, פאַלק דראַהון, שימענקע וואַפניק, דאָוויד קעלניע, אַניוטקע, רובין, שולקע, כעמע מאַליאַווסקי און אַ ריי אַנדערע,—דאָס זײַנען אַלץ פיגורן, וועלכע האָבן באַ דערכטיארן אַ באַזונדערן פּלאַסטישן אויסזען; באַזונדערע זשעסטן און לאָגיק. דאָס זעלבע ווען דערכטיאַר גיט אַ פּייזאַזש. אין יעדער דערציילונג פון זײַנע „רישטעוואַניעס” פירט ער אַרײַן, באַזונדערס אין אָנהייב און אין סאָף, דעם זון־אויפגאַנג אָדער זון־אונטערגאַנג (ד. ה., ווען מע גייט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט), אָבער אינטערעסאַנט, אַז אין יעדן פאַל קריגט דער אויטער נײַע, טרעפלעכע פאַרבן, אַ באַזונדער „שפּיל פון ליכט און שאָטן” וואָס אַנטשפּרעכט דער באַשטימטער סיטואַציע, דעם פּאָן פון די רישטעוואַניעס און די געשעענישן, מענטשלעכע באַציִונגען און האַנדלונג אין געגעבענעם מאָמענט. דאָ איז, אַגעוו, אינטערעסאַנט צו באַמערקן, וואָס דערכטיאַר נוצט זייער געלונגען אויס די אייגנאַרטיקע לאַגע פון די רישטעוואַניעס. ווען דער אויטער האָט די מעגלעכקײַט אָפן העכסטן שפּיץ פון אַ געבײַדע צו באַאָבאַכטן און אַרײַנעמען אין קאָן, אין דעם עצעם אַרבעט־פּראָצעס, דעם גאַנצן רוים: הימל, ערד, פעלד, וואַלד, טײַכלעך, שטאָט א. א. וו. זײַן נאַטור־פּייזאַזש גיסט

זיך טאקע שטענדיק צונויפ מיט די קראַנקעס צעמענט, ציגל, וואפנע און מענטשלעכן לײַב און לעבן.

שוין אין זײַן ערשטער דערציילונג „געמויערט" האָט דעכטיאר זייער דרייסט געפרווט אָנווארפן דעם אויסזען פון זײַנע אייניקע צענטראלע פארשוינען:

„פאדיי, דער אלטער מוליער. דאָס בערדל, ווי מיט וואפנע באשפריצט, זײַן פּאָנעם ווי אין גריבעלעך צעגראָבן, די אויגן,— צוויי צעגאָסענע שווארצאפּלען, וועלכע רײַסן זיך פון די שווארצע ברעמען, ווי א פויגל פון שטײַגל און נאָך אים שפאנט די גאנצע בריגאדע. ס׳וויגן זיך שטאגעס אונטער שווער דריקנדיקע פיס".

בא די איבעריקע העלדן (נאָטע פראנט, וועסנושקע) ווערן אונטערגעשטראָכן און אויסגעטיילט א ריי קורצע כאראקטער־שטריכן, וואָס גיבן אונדז א געוויסע פאָרשטעלונג פון דעם העלד אין זײַן אנטוויקלונג, סאָציאַלער אָפּשטאמונג און געוועגדטקײַט (עמעס, נאָך אלץ, ווי געזאָגט, זייער פרימיטיוו). דידאָזיקע פייִקײַט צו מאָלן איז אָבער באזונדערס קענטיק אין זײַן לעצטער און בעסטער דערציילונג „א דענקמאָל". דאָס וויכטיקסטע באַשטייט אין דעם, וואָס דאָ האָט שוין דעכטיאר געשאפן דעם ערשטן פארגאנצטן „דענקמאָל" פון זײַנע רישטעוואניעס, ארײַנגעטראָגן א געוויסע אָרדענונג אין דער האנדלונג, אנטוויקלונג פון סיוזשעט (עס שאדט ניט וואָס די דערציילונג פארמאָגט א ריי שטימונגפולע לירישע אָפּנויגן און פראגמענטארישע ארויסזאָגונגען) און שאפן א נאטירלעכע לאָגישע ציל־געוועגדטקײַט. אפ אָט דער דערציילונג איז קעדײַ זיך אָפּצושטעלן גענויער, ווײַל דאָ איבערצײַגט אונדז דעכטיאר מער ווי אומעטום אין דער פרוכטבארקײַט פון זײַן אידייִש־טעמאטישן אויסוואל און אין דער עפעקטיווקײַט פון זײַנע שאפונג־מיטלען.

די פאבולע פון דעם אזויגערופענעם „דענקמאָל", איז אינגאנצן, קען מען זאָגן, א „פיקטיווע" און איז געבויט אפ א שפּאס: ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. דער מוליארישער אינסטרוקטער, כעמע מאליאווסקי זאָגט צו זײַנע „לייבעלעך" (די יוגנטלעכע שילער), אז „ווער ס׳וועט זיך גוט סטארען, וועט יענער זײַן זײַנער אן איידעם", לאָזט זיך אויס, אז דער אינסטרוקטער האָט קיין טאָכטער ניט, דאָס שטערט אָבער ניט די לייבעלעך צו זײַן פארליבט אין דער טאָכטער און זיך סטארען ענדיקן די געבײַ צום אָקטיאבער־יאָנטעוו. די ליבע־אינטריגע איז דאָ מער ניט ווי א קאָמפּאָזיציאָנעלער מיטל, א מין מאָדעל, ארום וועלכן עס וויקלען זיך פאנאנדער די האנדלונגען און צווישנבאציִונגען פון די העלדן; די געשטאלט פון כעמע מאליאווסקי דעם אינסטרוקטער, ווערט אין פראָצעס פון דער דערציילונג באלויכטן מיט די סאמע צארטסטע און העלסטע פארבן, די פיגורן פון די „10 טײַוואָלימלעכ" וואקסן אויס אין העראָיִשע, ראָמאנטישע, פריידיקע בויער, בא וועמען די ארבעט ווערט אזאך פון ערע, רום און העלדישקײַט:

„פארן זומער זײַנען מיר אסאך אויסגעוואקסן. אלע זײַנען מיר געוואָרן אזוינע גרויסע און ערנסטע. שווארצע פארברוינטע פּנעמער האָבן מיר אלע באקומען. די הענט אזוינע פּײַכטע און גרדיכטע. די געבײַ האָט זיך אויך דערהויבן אין דרײַען. אלע טאָג וואקסן מיר אונטער אפ אסאך ראנדן. אָט, אָט וועלן מיר טיפ אין הימל פארקריכן—דער הימל איז אונדז נאָענט ווי די ערד. אין וואָלקנס שארפע גלאזור־שפּיגלען זיך אונדזערע פארבאקטע קערפּערס. עס זעט זיך אין די וואָלקנס ווי מיר מויערן: אָט קומען מיר אויס ווי קלײנינקע וועלפּעלעך, אָט ווי בערעלעך קאָסמאטע און אָט ווי העלפאנדן שווערע געלאָדענע.

העכער פון אונדז אַלעמען איז אויסגעוואַקסן מאָנטשע בוראַוושיק. ער איז געוואָרן ענלעך אַף אַ נעגער. עס האָט שאַרף געבלישטשעט אַ מויל ווײַסע ציינער אין אויפגעלאָפּענע קנײטשעלעך אַפן שטערן האָבן זיך אויסגעלייגט זײַנע נײַנצן יאָר".

אָדער אַזעלכע ראָמאַנטיש־פּאַטעטישע, פאַנטאַזירנדיקע שורעס, וועלכע זײַנען אינגאַנצן געווידמעט אונדזער קעגנוואַרט און צוקונפט:

„באַלד, אָט באַלד נעמען מיר זיך צו מויערן אַ הויכע זאַוואָדישע טרויב. מיר שטעלן זיך פאָר ווי שיין און וויל וועט קוקן אַפן קאַנט אָט די הויכע שלאַנקע מאַכינע. פאַבריקס רויך וועלן זיך הויבן צום הימל, קרײַזן רויך ווי גרויסע פייגלען וועלן צעשווימען אין לופט און צערונען ווערן. עס וועט פאַרשמעקן מיט אַ רויך, מיט מאַזוט און שטיינקוילן" און ווײַטער:

מיר וועלן טרעטן און טרעטן, שפּאַנען און שפּאַנען, עס וועלן אונדז נאָכגיין סילועטן פון שווערע פאַרגאַנגענע טעג, מיר וועלן זיך דערמאָנען אָן אונדזערע באָרוועסע פיס, וואָס זײַנען געטראָטן אַף בײַסיקער וואַפנע. מיר וועלן זיך דערמאָנען אָן אונדזערע הונגעריקע מײַלער וואָס האָבן געקוויקט זיך מיט מאָגערע שטיקער פּאַשירקע. זיכער האָבן געקוקט אונדזערע אויגן דער זון אין פּאָנעם אַרײַן אין פײַער פון זון האָבן געברענט אונדזערע הוילע קעפּ.

„מיר געדענקען אונדזערע טאַטעס און ברידער פאַרברוינטע אין פלאַמען באַם העלדישן פּערעקאָפּ, אונדזערע מאַמעס, די דאַרע, זײַנען געשטאַנען פאַרוויינטע אַף שליאַכן און האָבן אַרויסגעקוקט זייערע זין".

מיט אַזעלכע גלענצנדיקע שטעלן איז איבערפולט די דערציילונג. מיר האָבן דאָ בונטע באַשרײַבונגען פון דער נאַטור, וועלכע זײַנען דאָ, ווי געוויינלעך בײַ דעכטיאַרן, שטענדיק ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן אַרבעט־פּראָצעס, מוסטערהאַפטע ליריש־עלעגישע דערמאָנונגען.

מע דאַרף אָנערקענען, אַז אַפילע אין אָט דער שטאַרק־קאָנצענטרירטער דערציילונג, האָט זיך דעכטיאַר ניט אינגאַנצן באַפרײַט פון זײַן אויבן־דערמאָנטן פעלער; אויך דאָ קאָן מען טרעפן היפּש צעצויגענע, ווייניק־אַרומנעמליפּענע, אַפילע איבעריקע ערטער, וועלכע זעצן אַראָפּ דאָס גרונטלעכע אין דעם אידייִש־קינסטלערישן געוועב. אין אַלגעמיין פאַרנעמען דאָ שוין די נעגאַטיווע מאָמענטן פון דעכטיאַרס שאַפן אַ גאָר קליינעם אָרט.

די ניט שפּאָרעוודיקײַט פון פאַרב, די שוואַכע פאַראַלגעמיינערונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַנע פראַגמענטן אַף „רישטעוואַניעס", שטריכן פון סענטימענטאַלקײַט און באַריידעוו־קײַט קען מען טרעפן אין אַזאַ מין „געלעגנהײַט"־דערציילונג ווי—„אַ שול אַף קאָמאַראָוו־קע"; די געפאַר פון וואָלוועלער אַנעקדאָטישקײַט איז באַזונדערס קענטיק אין דער דערציילונג—„די וועגערע האָט געפינקלט", וווּ דעכטיאַר שלעפּט זיך אין עק פון זײַנע פיגורן, און פאַרקריפּלט אַ רײַ דערשײַנונגען פון אונדזער בויונג און פון אונדזער רעוואָליוציאָנערער לעקסיק. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, ביכלאַל שטריכן פון זאַרגלאָזער באַציִונג, דאָס וועלן זיך אַרויסדרייען פון באַהאַנדלען און געבן אָן ענטפער אַף ערנסטע פראַגן,—אַ מין קריכנ־דיקער נאַטוראַליזם, בײַ וועמען די מיסט אַרום דער געבײַדע איז פּונקט אַזוי וויכטיק ווי די עצעם געבײַדע (פון לונאַטשאַרסקעס אַן אַפאָריזם). אין די דאָזיקע דערציילונגען קאָן מען זיך אויך אָנשטויסן אַף אַ גאַנצע רײַ אַנדערע נאַכלעסיקײַטן און קוריאָזן. אָבער ווי עס איז צו זען זײַנען דאָס אַלץ צופעליקײַטן, פון וועלכע דעכטיאַר דאַרף זיך סטאַרען וואָס גיכער צו באַפרײַען. זײַן „דענקמאָל" איז שוין אַן אָנזאָג, אַז דעכטיאַר האָט אָנגעהויבן

א נײַעם, העכערנ שטאָק אינ זײַנ שאפנ, אנטוויקלענדיק ווײַטער דאָס געזונטע אונ צרזאָגנדיקע, וואָס איז נאָכ פריִער געווענ היפש פארדעקט אונ פארבאָרגנ אינ די פארשיידענע לאבירינטנ פונ זײַנ שעפערישער „שאכטע“. דעכטיארס אָרגאנישע נאָענטקײַט צו אונדזער ווירקלעכקײַט, זײַנ כאווערישע ראָמאנטישע פאטעטיק, דער פארשטאנד פאר נאטור, פאר דער מאָלערישער דעטאל, פארנ זאפטיקנ טרעפלעכנ אויסדרוק האָבנ דאָ אינ דעמ „דענקמאָל“ באקומענ זייער בוילעטקײַט.

פאראנ נאָכ א שטריכ, וואָס ווארפט זיכ אינ די אויגנ אינ דעכטיארס שאפנ. דאָס איז די אָפוועזנהײַט פונ נעגאטיווע העלדנ. דעכטיאר האָט שטענדיק צו טאָנ מיט אזוינע פיגורנ אונ דערשײַנונגענ, וואָס זײַנענ אימ סימפאטיש אונ ליב. זיי מאָלט ער, זיי לאָזט ער זיכ ארויסזאָגנ אונ זיי באזאָרגט ער מיט די אנטשפרעכנדע מיטלענ פונ זײַנ שעפערישער דערפארונג אונ פאנטאזיע. זײַנע געציילטע נעגאטיווע העלדנ ווערנ באלד פונ אָנהייב אָנ געשילדערט מיט טיפער סימפאטיע אונ ווארעמנ הומאָר, פארמאָגנ שוינ אינ זייערע ערשטע טריט א רײַ סימפטאָמענ פונ זייער ווײַטערדיקנ איבערגעבורט. דאָס זײַנענ ניט קיינ קלאסנסאָנים, נאָר אָפגעשטאנענע, דערשלאָגענע אונ פארפירטע ארבעטער, וועלכע קומענ סאָפּקאָלסאָפּ צום באוווסטזײַנ. נעמענ אזא פיגור ווי יודקע דער אלטער מוליער, וועלכער איז אינ דער דערציילונג „אפּ רישטעוואניעס“ געשילדערט קימאט אינגאנצנ נעגאטיוו (מיט די געהעריקע דערמאָנטע קאָרעקטיווג פונעמ דאָזיקנ באגריפּ בא דעכטיארנ), איז שוינ אינ א שפעטערדיקער דערציילונ, (אויכ אפּ „רישטעוואניעס“) אנ אָנטיילנעמער פונ א שאבעסניק צום ערשטנ מײַ, אונ אפּ דעמ שאבעסניק פארנארט ער אפילע זײַנ אלטע 55־יאָריקע פוריכע. נאָכ אינ אנ אָרט טרעפנ מיר שוינ יודקענ „מיט פארקאשערטע ארבל“ (אזוי הייסט טאקע די דערציילונג) אינ א הייסנ סאָציִאליסטישנ געוועט מיטנ קאָמיוגיסט שימענקע וואפּניק. דאָס זעלבע קומט פאָר מיט א מער ייִנגערנ נעגאטיוונ טיפּ,— יאשקעלע פאדזשאהע („אפנ דאָנבאס“), וועלכער ווערט פונ אָנהייב בייס דער קאָמיוגישער מאָביליזאציע אפנ דאָנבאס א דעזערטיר, אָבער קריגט שפעטער כאראָטע, אונ צום סאָפּ פונ דערציילונג, טרעפנ מיר אימ שוינ נאָכלויפנדיק א צעשמײַעטנ נאָכנ אימפעטיקנ עשאלאָנ פונ די אָפּפאָרנדיקע קאָמיוגיסטנ, „אונ פונ מויל האָט א שוימ געשפארט אונ איבער דער מאָרדע זיכ איבערגעגאָסנ“.

איז וואָס פאר אנ אויספיר קאָנ מענ דערפונ מאכנ? ס׳איז פארשטייט זיכ גוט וואָס דעכטיאר האָט צו טאָנ דעריקער מיט פאָזיטיווע העלדנ פונ אונדזער צײַט, באזונדערס ווענ ער סטארעט זיכ זיי ווײַזנ אינ זייער דינאמיק. אונדז איז דאָכ אלעמענ באוווסט א פארקערטע דערשײַנונג: אונדזערע שרײַבער געלינגט צו ווײַזנ דאפקע די נעגאטיווע געשטאלט, אָדער וועלכע ניט איז אָפגעשטאנענע ארבעטער פונ אלטנ דאָר. אָבער פונקט ווי בא די לעצטע קאָנ זיכ ניט באקומענ קיינ פולער בילד פונ אונדזער ווירקלעכקײַט, טאקע אדאנק דעמ, וואָס זיי גיט זיכ ניט אײַנ מיטנ זעלבנ דערפאָלג צו ווײַזנ אויכ די פאָזיטיווע זײַטנ פונ אונדזער צײַט, אזוי קענ זיכ אויכ ניט אײַנגעבנ צו געבנ א פולנ בילד פונ אונדזער ווירקלעכקײַט אויכ יענע שרײַבער, וועלכע באמערקנ ניט קיינ נעגאטיווע זײַטנ, די שטערונגענ וועלכע שטייענ אונדז אפנ וועג, וואָס באמערקנ ניט דעמ קלאסנ־סוינע אונ דעמ קלאסנ־קאמפּ.

דאָס איז באשטימט אויכ איינע פונ די גרונטלעכע אידייִשע סיבעס, וואָס האָבנ פארורזאכט אויכ די בלויזנ אינ דער פאָרמ, וועלכע מיר האָבנ שוינ באמערקט אינ דעכטיארס שאפנ.

# ביבליאָגראַפיע

(וועגנ לוי סעלינס „די רײַזע אפנ ראנד פונ נאכט״)

„סעלינ גיט א שוידערלעכ בילד ניט נאָר פונ איצטיקנ פראנקרײַכ, נאָר אויכ פונ דער גאָרער איצטיקער וועלט, ער האָט ארײַנגעקוקט אינ טהאָמ פונ מילכאָמע, ער האָט ארײַנגעקוקט אינ דער קלאָאקע פונ קאָלאָניאלער פּאָליטיק, ער האָט זיכ צוגעקוקט צומ אמעריקאנער פּראָספּעריטי, ער האָט געגעבנ א פֿינצטערע כאראקטעריסטיק דעמ פראנצויזישנ קלײנבירגערטומ״. (פונ כ׳ ראדעקס פּאָרטראג אפנ שרײַבער־צוזאמענפאָר).

לוי סעלינ איז ניט קײנ פּראָפעסיאָנעלער שרײַבער, ער איז א מעדיקער, א פּסיכיאטער. „די רײַזע אפנ ראנד פונ נאכט״ איז זײַנ ערשט ווערק אונ דאָס בוכ האָט ארויסגערופנ פונ אײנ זײַט א שוידערלעכנ סקאנדאל אינ פראנקרײַכ, די גאנצע פראנצויזישע בורזשואזע קריטיק האָט זיכ ארופגעוואָרפנ אפנ אווטער. פונ דער צווײטער זײַט—האָט דאָס בוכ ארויסגערוקט סעלינענ אינ די פאָדערשטע רײענ פונ דער איצטיקער פראנצויזישער אונ גאנצער אײראָפּײִשער קולטור.

די לעצטע יאָרנ האָבנ א רײ בורזשואזע שרײַבער געגעבנ א גאלערײ ווערק, וואָס ווײַזנ ווי עס פוילט די קאפּיטאליסטישע סיסטעמ; ווערק, וואָס דעמאסקירנ אונ אנטבלויזנ די קריזיס־ווונדנ פונ דער בורזשואזער געז׳לשאפט; ווערק, וועלכע דערציילנ וועגנ שרעקלעכנ פעסימיזמ, וואָס פארכאפּט אלצ ברײטערע קרײַזנ פונ דער בורזשואזער אינטעליגענצ. גענוג אָנרופנ אזעלכע ווערק ווי מאָריאקס „שלאנגענ־קנויל״ אינ דער פראנצויזישער ליטעראטור, קעלערמאנס „שטאט אנאטאָל״ אונ קעסטנערס „פאביאנ״ אינ דער דײַטשער, דזשונטס „מוליס״ אינ דער ענגלישער. אָבער צווישנ זײ אלע טײלט זיכ אויס סעלינס „רײַזע אפנ ראנד פונ נאכט״ מיט זײַנ ציניזמ, מיט זײַנ פארצווייפלונג, מיט זײַנ טיפנ קאָנסעקווענטנ פעסימיזמ, מיט זײַנ טיפנ האס אונ פאראכטונג צו דעמ ארומיקנ לעבנ אונ צו דער גאנצער מענטשהײַט קימאט.

סעלינס בוכ איז א פאטש אינ פּאָנעמ דער גאנצער בורזשואזער ארומרינגלונג, דערבײַ א פאטש אבאוווסטזיניקער, אנ ארויסגערעכנטער אונ פונ א גרויסנ מײַסטער, דערפאר האָט עס ארויסגערופנ אזא גרויסנ סקאנדאל. סעלינ דערקלערט, אז ער וועט נעמענ נעקאָמע: „אויב איכ וועל גענוג לעבנ, וועל איכ אמאָל נאָכ דערציילנ וועגנ אלצ. ווארט צו! דערלויבט מיר נאָר זײַנ מיט אײַכ ליבהארצ נאָכ א פּאָר יאָר. דערהארגעט מיכ נאָכ ניט. מיט א קנעכטיש אונ אונטערטעניק פּאָנעמ וועל איכ דערציילנ וועגנ אלצ. אונ איכ פארזיכער אײַכ, איר וועט אָנהײבנ אָפּטרע׳נ, ווי די פארשיווע ווערעמ, וואָס פלעגנ אינ אפריקע קריכנ מיסטיקע אינ מײַנ נאָרע. איכ וועל אײַכ צווינגענ ווערנ נאָכ פאכדאָנישער, אזוי ווערעמדיק מיִעס, אז איר וועט עפּשער אלײנ דערפונ אוועקפײגערנ לעסאָפּ״.

אזא האס אונ נעקאָמע־מאניפעסט איז זײַנ גאנצ בוכ. פארוואָס נעמט ער נעקאָמע?

פארוואָס פארהאסט ער אזוי ביזנ גרונט די גאנצע ארומיקע וועלט? סעלינ געהערט צו דעמ יונגנ דאָר, וואָס האָט דורכגעמאכט דעמ גאנצנ שוידער פונ וועלט־מילכאָמע. ער ווייס, אז מילכאָמע־העלדנ דאָס איז „קאנאָנענ פלייש, ריידנדיקע מאלפעס", פאר די וואָס דרייענ דאָס מילכאָמע־רעדל. ער ווייס, אז די נויט האלט שטענדיק אירע פינגער אפ אונדזער גאָרגל, זיי שטערנ אונדז ריידנ אונ קעדיי שלינגענ, קומט אויס דרייענ זיכ ווי וואַנט מעג־לעכ..." אָבער ער גלויבט ניט, אז עס איז פאראנ אנ אויסוועג, ער זעט אימ ניט, ער איז איבערצײַגט, אז דער איינציקער אויסוועג איז פיזישער מאָראלער אונטערגאנג, טויט. „מיר בײַטנ נימ קיינ שקארפעטקעס, ניט קיינ באלעבאטימ, ניט קיינ איבערצײַגונגענ, אָבער מיר בײַטנ זי אזוי שפעט, ווענ עס לוינט שוינ ניט בײַטנ. מיר זײַנענ געבוירנ געוואָרנ קנעכט אונ קנעכט וועלנ מיר שטארבנ". אויב די שוידער־יאָרנ פונ מילכאָמע האָבנ אפילע איבער־געלאָזנ א פארבאהאלטענעמ פונק פונ האָפענונג, אז נאָכ דער מילכאָמע וועט ווערנ בעסער, עס וועט עפשער קומענ אנ אנדער לעבנ,—האָט דאָס אלצ אומבעראכמאָנעסדיק געפלאצט אונטער די קלעפ פונ דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקײַט. אומעטומ, ווו סעלינ איז געווענ אונ אויסגעווענ איז ער א וועלט: אפריקע, אמעריקע, אייראָפע, האָט ער געפילט ווי אינ די אײַזערנע צוואנגענ פונ קאפיטאליזמ ווערט צעשמעטערט, דערוואָרגנ יעדער מענטשלע־כער געפיל אונ געדאנק. די לעצטע קלעפ האָט דערלאנגט דער וועלט־קריזיס.

„בעשאס דער מילכאָמע, האָסטו געקלערט, אז אינ פרידנ־צײַטנ וועט זײַנ בעסער, דער־נאָכ עסטו אופ די האָפנונג ווי א קאָנפעט, אונ עס ווײַזט זיכ ארויס, אז עס איז געווענ פאָשעט טינעפ. פריִער וואגסטו עס ניט דערציילנ, אז אנדערע זאָל ניט אָנכאפנ אנ עקל. אונ דערנאָכ ענדיקט זיכ אלצ אינ איינ שיינעמ טאָג אזוי, אז דו דערקלערסט דאָס הויכ פאר אלע ערלעכע מענטשנ. אונ דאנ האלטנ אלע, אז איר זײַט שלעכט דערצויגנ". גלײַכ ווי סעלינ וואָלט אפריִער געוווסט וואָס סארא אופנאמ עס דערווארט זײַנ ווידע. אפ זײַנ בוכ, וואָס דער־ציילט וועגנ טיפנ מענטשלעכנ וויי, וועגנ פארצווייפלונג אונ פעסימיזמ, האָט אימ די בור־זשואזע קריטיק געענטפערט, אז ער איז שלעכט דערצויגנ, א ציניקער, אנ עקלהאפטער סוביעקט, וואָס גלויבט ניט אינ אלע הייליקסטע געפילנ פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע. וואָלט סעלינ געווענ א קלענערער טאלאנט, זײַנ בוכ ניט אזא מײַסטער־ווערק, וואָלט מענ סײַ אימ, סײַ דאָס בוכ געפרווט פארשווײַגנ, אזוי האָט מענ געפרווט עס פארשרײַענ. שוינ צו הויכ, צו נאקעט איז דער עמעס, וועלכנ סעלינ האָט א שלײַדער געטאָנ דער בורזשואזער וועלט אינ פאָנעמ,—מע זאָל אימ קאָנענ פארשווײַגנ. ער האָט אזוי שארפ אנטבלויזט, אזוי ביזנ וואָרצל דעמאסקירט די בורזשואזע לעבנס אונ קויכעס־פארהעלטע־נישנ, אזוי געעפנט אלע פינצטערסטע ווינקעלעכ פונ דער „נעשאָמע", אז אלע זײַנענ גע־בליבנ פארציטערט אונ צעטומלט. די קלעפ, וואָס ער האָט ארײַנגעכאפט פונ ארומיקנ לעבנ, האָבנ בא אימ אָפגערויבט יעדנ פונק פונ האָפענונג, יעדע שפור פונ גלויבנ אונ אָט דעמ רעזולטאט פונ זײַנ לעבנס־דערפארונג, גיט ער איבער אינ זײַנ קימאט סוזשעטלאָזנ בוכ, אינ זײַנ אופגערעגטער, בייזער, אלצ אופרײַסנדיקער שפראכ, אז דאָס בוכ ווערט פאר־וואנדלט אינ א קימאט היסטאָרישנ דאָקומענט.

„ערגער פונ אלצ איז, ווענ דו הויבסט אָנ פרעגנ זיכ אליינ, צי וועלנ מאָרגנ סטײַענ קויכעס פאר די אלע אידיאָטישע זאָרגנ, פאר טויזנט האָפנונגלאָזע פראָיעקטנ, פאר פרווונ קעסיידער אומזיסטע, אונ אלצ צוליב דעמ, קעדיי אנ איבעריק מאָל זיכ איבערצײַגנ, אז דער גורל איז אומבעראכמאָנעסדיק, אז סײַווי ועסטו זיכ ווידער אָפרײַסנ אונ ליגנ אונ־טער דער וואנט אינ שרעק פארנ מאָרגנדיקנ טאָג, אלצ האָפ".

ניטאָ קײנ אויסװעג. „דער עמעס פונ לעבנ, איז—טויט“. אלצ ארומ איז קלײנלעכ, עקלהאפט, ניװזעדיק. שאקאלנ, אונ װערימ—דאָס איז די גאָרע װעלט, װעלכע סעלינ זעט ארומ זיכ אונ ער פאראכט זי אונ פארשעלט זי. קײנ אנדער װעלט, קײנ אנדערע מענטשנ, קײנ אנדערע קױכעס זעט ער ניט. צי איז ער זיי בעקױעכ דערזענ? ניט אומזיסט האָט כ' ראדעק אפנ אלפארבאנדישנ שרײַבער־צוזאמענפאָר פארעכנט סעלינענ צו דער גרופע, װאָס קענ א קער טאָנ צומ פאשיזמ, ניט אומ ליבע צו אימ, נאָר אויס מוירע, אויס אײַ־בערצײַגונג, אז ער איז אומפארמײַדלעכ, װײַל זיגנ איג מענטשנ קענ נאָר דאָס העסלעכסטע, נידריקסטע, עקלהאפסטע. אזוי שילדערט סעלינ דעמ מענטשנ איג זײַנ בוכ „די רײַזע אפנ ראנד פונ נאכט“. אָבער דאָס בוכ, די שילדערונג פונ מענטשנ איז גלײַכצײַטיק דורכגעזאפט מיט טיפנ װיי, װאָס דערציילט װעגנ א טיפ באהאלטענעמ טרוימ, װעגנ אנ אנדער מענטש־הײַט. מעגלעכ, אז אָט דער טיפער װייטעק פארנ גורל פונ מענטשהײַט קענ װערנ דער טראמפלינ אפ דער צװייטער זײַט פונ באריקאדע, איג די רייענ פונ די, װאָס קעמפנ קעגנ דער בורזשואזער װעלט מיט איר שמוצ אונ עקל, װאָס האָבנ ארויסגערופנ אזא סינע אונ פאראכטונג בא סעלינענ. דאָס װעט װײַזנ די צוקונפט,

װי דאָס זאָל ניט זײַנ, כאראקטעריסטיש איז, אז א נײַער שרײַבער, אז א גרויסער טאלאנט, א מײַסטער פונ װאָרט, איז איג זײַנ ערשטנ בוכ געקומענ מיט א קלאָלע אפ די ליפנ, מיט האס אונ פאראכטונג צו זײַנ אײגענער, בורזשואזער װעלט.

מ. װ—נ.

# כראָניק

## 15-יאָריקער יובילײ פונעמ מאָסקװער ײדישנ מעלוכע־טעאטער

דעמ 5־טנ מארט איז געפײַערט געװאָרנ דער 15-יאָריקער יובילײ פונעמ מאָסקװער ײדישנ מעלוכע־טעאטער. דער יובילײ־אָװנט איז דורכגעפירט געװאָרנ אונטערנ פאָרזיצ פונ כ' עפשטײנ (פארטרעטער פונ פאָלקאָמבילד רספסר).

אפ דער פײַערונג איז בײַגעװעזנ דער פאָלקאָמבילד פונ רספסר—בובנאָװ.

דער כ' עפשטײנ האָט פארעפנטלעכט א באשטימונג פונ דער רעגירונג װעגנ געבנ דעמ קינסטלערישנ אָנפירער פונעמ טעאטער, אײנעמ פונ די גרעסטע אקטיאָרנ פונ אונדזער צײַט— ס. מ. מיכאָעלסנ—דעמ טיטל פאָלקס־ארטיסט פונ דער רעפובליק.

כ' עפשטײנ האָט אויכ מיטגעטײלט, אז דער פאָלקאָמבילד פונ רספסר האָט געגעבנ דעמ טיטל פארדינסטפולע ארטיסטנ פונ דער רעפובליק די אקטיאָרנ: גאָלדבלאט, שטײמאנ, שידלאָ, די אקטריסעס: ראָטבאומ אונ מינקאָװא.

נאָכ דער רעדע פונ כ' עפשטײנ איז פאָרגעקומענ א טעאטראליזירטע באגעגעניש פונעמ טעאטער־קאָלעקטיװ מיט די פילצאָליקע דעלעגאציעס, װאָס זײַנענ געקומענ באגריסנ דעמ יובילאר. די פײַערונג איז דורכגעפירט געװאָרנ אונטערנ צייכנ פונ א גרויסנ אלפאר־באנדישנ קולטור־יאָנטעװ.

## הונדערט יאָר „קאלעװאלא“

דעמ 28־טנ פעװראל 1935 יאָר איז געװאָרנ 100 יאָר זינט ס'איז דערשינענ די ערשטע קורצע אויסגאבע (12000 לידער)—דער גרעסטער דענקמאָל פונ דער פאָלקס־שאפונג—„קא־לעװאלא“.

„קאלעוואלא" שטעלט מיט זיך פאָר א זאמלונג פונ הויכ־קינסטלערישע פאָלקלאָר־מאטעריאלנ, וועלכע זײַנענ פארשריבנ געוואָרנ אינ דער מערהײַט צווישנ די קארעלנ פונ דער איצטיקער סאָוועטישער קארעליע אונ לענינגראדער געגנט.

דער זאמלער פונ „קאלעוואלא" איז עליאס לענראָט (געבוירנ דעם 9־טנ אפרעל 1802, געשטאָרבנ דעם 19־טנ מארט 1884), וועלכער האָט דורכגעמאכט א ריי רײַזעס איבער פינלאנד אונ קארעליע אונ האָט זיי דער ערשטער פארשריבנ פונעם מויל פונ די פאָלקס־זינגער קאָרעלנ.

די ערשטע רונעס (לידער) פונ דער „קאלעוואלא", ווי אייניקע פאָרשער זאָגנ פאָרויס, געהערנ נאָכ צו דער עפאָכע פונ געצנדינערײַ (נאָכ פארנ 10־טנ יאָר הונדערט). די גרעסטע טייל רונעס געהערנ צום 15־טנ—16־טנ יאָרהונדערט).

די רונעס, וועלכע פלעגנ איבערגעגעבנ ווערנ פונ דאָר צו דאָר, פלעגנ באקומענ נײַע פאָרמעס, א נײַעם אינהאלט, אָפהענגיק פונ דעם, וויאזוי ס'האָבנ זיך געביטנ די שטייגער־באדינגונגענ אונ נײַע ווירקונגענ פונ דער עפאָכע.

ארום „קאלעוואלא" קומט פאָר א גרויסער קלאסנ־קאמפ. די פאשיסטנ אונ סאָציאל־פאשיסטנ נוצנ אויס „קאלעוואלא" אפ באגרינדנ זייערע אגרעסיווע טענדענצנ. די סאָוועטישע קארעליע אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמפארטיי וואָס בויט איר נאציאָנאלע קולטור, א סאָציאליסטישע לויט איר אינהאלט, האָט געפײַערט דעם יובילײ פונ „קאלעוואלא", ווײַל דער סאָוועטנפארבאנד איז דאָס לאנד פונ דער פאָרגעשריטענער סאָציאליסטישער קולטור.

* * *

„קאלעוואלא" ווערט ארויסגעגעבנ אפ דער רוסישער אונ אוקראינישע שפראכנ. דער קארעלישער וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישער אינסטיטוט האָט פאר 3 יאָר פונ זײַנ עקזיסטענצ צונויפגעזאמלט עטלעכע טויזנט אינטערעסאנטע מוסטערנ פונ רוסישנ, קארעלישנ, פינישנ פאָלקלאָר. אינ דער פאָרם פונ מײַסעס, רונעס, שפרוכנ, בילינעס.

דער לענינגראדער גיכל לאָזט ארויס איז 1935 יאָר דעם ערשטנ באנד פונ פאָלקלאָר־מאטעריאלנ אינ א פארנעם פונ 30 דרוק־בויגנס.

די סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט דארפ צוגעצויגנ ווערנ אפ זאמלענ די רײַכע מוסטערנ פונ פאָלקלאָר־מאטעריאלנ.

## 15 יאָר סאָוועטישע קינאָמאטאָגראפיע.

אינ יאנואר כוידעש האָט די סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטנפארבאנד אָפגעצייכנט דעם 15־יאָריקנ יובילײ פונ דער סאָוועטישער קינאָמאטאָגראפיע.

דער צק אלקפ(ב) אינ זײַנ באגריסונג די טוער פונ דער סאָוועטישער קינאָמאטאָגראפיע האָט געזאָגט: „דער יאָנטעוו פונ דער סאָוועטישער קינאָ—דער סאמער מאסעווער אינ דער קונסט—איז א יאָנטעוו פונ דער גאנצער סאָוועטישער קולטור אונ איינע פונ די בולטסטע באווײַזנ פונ אירע דערגרייכונגענ".

דער כ' ס ט א ל י נ אינ זײַנ באגריסונג דער הויפט־פארוואלטונג פונ דער סאָוועטישער קינאָמאטאָגראפיע—דעם כ' שומיאצקי שטרײַכט אונטער די גרויסע באדײַטונג פונ קינאָ אלס א געווער אינ קאמפ פארנ סאָציאליזם—„די קינאָ אינ די הענט פונ דער סאָוועטנמאכט שטעלט מיט זיך פאָר א קאָלאָסאלע אומאָפשאצבארע קראפט".

די סאָוועטישע קינאָמאטאָגראפיע האָט געשאפנ פאר די 15 יאָר הויכקינסטלערישע פילמענ פונ אונדזער סאָציאליסטישער ווירקלעכקײַט, באזונדערס דער לעצטער שעדעווער אינ דער סאָוועטישער קינאָמאטאָגראפיע, ווי „טשאפײַעוו", די אויסגעצייכנטע פילמענ „מאקסימס יוגנט" א. אנד.

## צעניאָריקער יובילײ פון װײַסמעלוכע-קינאָ.

דער 10־יאָריקער יובילײ פון װײַסמעלוכע קינאָ, װאָס איז צונױפגעפאַלן מיטן 15־יאָריקן יובילײ פון דער סאָװעטישער קינאָמאַטאָגראַפיע, האָט באַשטעטיקט גלענצנד נאָכאַמאָל דעם זיג פון דער לעניניש־סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און די גרױסע קולטור־דערגרײ־כונגען אין װססר אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ (באָלשעװיקעס).

דער װײַסמעלוכע-קינאָ איז געקומען צום יובילײ מיט א גרױסן אקטיװ פון 37 קינסט־לערישע בילדער, געבױט אפ דער טעמאַטיק פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע, קאָלעקטיװיזאַציע, לאַנדשוץ און פאַרשײדענע װיסנשאַפטלעכע טעמעס. פון זײ: 26 בילדער זײַנען געבױט אפ װײַסרוסישן מאַטעריאַל. אזעלכע פילמען װי א „װאַלד־מײַסעלע", „פײַנטשאַפט", „ביז מאָרגן", „רוביקאָן", פּאָרושיק קיזשע", „ערשטער װזװאָד", „גליק", „צװײ מאָל געבױרן", „גאָלדענע פײַערן" און אסאך אנדערע האָבן א גרױסע אידײיש־קינסטלערישע װערט.

אין װײַסמעלוכע-קינאָ זײַנען אױסגעװאָקסן א רײ שעפערישע קאַדרען, װעלכע זײַנען אָפּגעצײכנט געװאָרן אפן יובילײ. די ארבעט פונעם פאַרדינסטפולן טוער פון קונסט א. טאַריטש, די רעזשיסערן: קאָרש, פײַנצימער, די קינאָ־דראַמאַטורגן װאָלני, קאָבעצ. א. א.

דעם 11־טן מאַרט איז אין מינסקער מעלוכע־טעאַטער פאָרגעקומען די פײַערלעכע זיצונג געװידמעט דעם 10־יאָריקן יובילײ פון װײַסמעלוכע־קינאָ. דעם אָװנט עפנט מיט אן אינהאַלט־רײַכן װאָרט װעגן דער ראָל פון קינאָ אין דער קולטור־רעװאָליוציע—דער פאַרװאַלטער פון אָפּטײל פאַר קולטור און פּראָפּאַגאַנדע פון לעניניזם באַם צק קפ(ב)װ—כ' קאָניק.

מיט שטורמישע אפּלאָדיסמענטן באַגעגנט די פאַרזאַמלונג דעם פּאָרזיצער פון ראַטפאָל־קאָם װססר—דעם כ' גאָלאָדעד, װעלכער באַגריסט אין נאָמען פון צק קפ(ב)װ און פון דער רעגירונג פון װײַסרוסלאַנד די טוער און אָנפירער פון װײַסמעלוכע־קינאָ.

כ' גאָלאָדעד פאַרעפנטלעכט די באַשטימונג פון דער רעגירונג װעגן באַלױנען מיטן טיטל פאַרדינסטפולע טוער פון קונסט דעם כ' קאָרש־סאַבלין א. װ.—רעזשיסער; די קינאָ־דראַמאַטורגן: בראָדזיאַנסקי ב. ל., װאָלני א. או., קאָבעצ ג. יא. און די כ"כ: פײַנצי־מער א. מ., סװערדלאָװע ר. מ., קאַלצאַטי א. ק.—מיטן טיטל פאַרדינסטפולע ארטיסטן פון װססר. אסאך אנדערע טוער זײַנען באַלױנט געװאָרן מיט גראַמאָטעס פון צענטראַל־אױס־פירקאָמיטעט און ראַטפאָלקאָם פון װײַסרוסלאַנד.



פאַראַנטװאָרטלעכער רעדאַקטער—איזי כאַריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָװיטש, א. בער, י. בראָנשטײן, א. דאַמע־סעק, אי. כאַריק, מ. קולבאַק, ל. ראָזענהױז.

באַשטעלונג 192. 1.532 עקז. דרוקערײַ א. נ. סטאַלין. גלאַװליטבעל 2335־ם.

ארבעטער, ארבעטנדיקע, קאָלווירטניקעס, קולטור-טוער

# שרייַבט אויס

און פּאָפּוליאריזירט דעמ ליטעראריש-קינסטלערישנ
און פּאָליטיש-וויסנשאפטלעכנ כוידעש-זשורנאל

# „שטערנ"

אינ זשורנאל „שטערנ" באטייליקנ זיכ די בעסטע ייִדי-
שע סאָוועטישע שרייַבער, קריטיקער, פּובליציסטנ
און וויסנשאפטלעכע טוער.

אינ זשורנאל „שטערנ" באטייליקנ זיכ די בעסטע רע-
וואָליוציאָנערע שרייַבער פונ אויסלאנד.

אינ זשורנאל „שטערנ" ווערנ געדרוקט די בעסטע מוס-
טערנ פונ די ברידערלעכע ליטעראטורנ.

אינ 1935 יאָר וועלנ זיכ אינ זשורנאל „שטערנ" דרוקנ א ריי
נייַע ראָמאנענ, דערציילונגענ און פּאָעמעס פונ אונדזערע בעסטע
סאָוועטישע שרייַבער.

---

## אבאָנירט זיכ אפ דעמ זשורנאל „שטערנ"

## אפנ 1935 יאָר.

### אבאָנעמענט-פּרייַז:

| | |
|---|---|
| 1 כוידעש — 1 ר. 50 ק. | 6 כאדאָשימ — 9 רובל |
| 3 כאדאָשימ — 4 ר. 50 ק. | א יאָר — 18 רובל |

### די אבאָנירונג ווערט אָנגענומענ:

אינ אלע שטאָט-ביוראָענ פונ פּרעסע-פארבאנד, אינ אלע פּאָסט-
אָפּטיילונגענ, אינ אלע קיאָסקנ און בא אלע צייַטונג-טרעגער.

אדרעס פונ זשורנאל „שטערנ": מינסק, רעוואָליוציאָנערע גאס, 2.

פרייַז 1 רובל 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.